אידע מאַזע

# וואַקסן מײַנע קינדערלעך

## מוטער און קינדער-לידער

מאָנטרעאָל 1954

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון
קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס

דעם אָנדענק פון מיינע עלטערן
שמעון-שאול און מושע.

# אַ פּאָר ווערטער

אין דער זאַמלונג גייען אַריין די מערסטע פון מיינע קינדער־לידער וואָס איך האָב געשריבן אין משך פון די לעצטע דריי־און־צוואַנציק יאָר, דאָס מיינט, זינט איך האָב אָנגעהויבן שרייבן, ווייל דאָס קינד איז געווען די סיבה פון מיין אָנהויבן שרייבן. צום קינד האָב איך געשריבן אי מיינע פריידיקע אי מיינע אומעטיקע לידער.

דאָ גייען אויך אַריין אַ גרעסערע צאָל לידער פון מיין בוך ״לידער פאַר קינדער״, אַרויסגעגעבן אין וואַרשע 1936, איינציקע לידער פון מיין בוך ״נייע לידער״ מאָנטרעאָל 1941 און פון בוך ״אַ מאַמע״ מאָנטרעאָל 1931. אויך די לידער וואָס זיינען געווען געדרוקט אין פאַרשיידענע קינדער־אויסגאַבעס און אַ צאָל ניט געדרוקטע לידער.

די עטלאַכע לידער פון מיין בוך ״אַ מאַמע״, וועלכע געפינען זיך אין ציקל ״אומעטיקע לידער״ זיינען אפשר צו שווער פאַרן קינד און פּאַסן זיך אפשר ניט אַריין אין אַ זאַמלונג פון קינדער־לידער. איך פיל אָבער, אַז איך קען זיי ניט באַזייטיקן פון דעם בוך אין וועלכן עס געפינען זיך אַזויפיל שפּילעווודיקע און פריידיקע לידער געשריבן פון און צום קינד. איך פיל, אַז אויך די לידער דאַרפן דאָ זיין . . .

איך וויל דאָ דערמאָנען געוויסע שרייבער פון דער אַמעריקאַנער ־ ענגלישער קינדער ליטעראַטור וואָס האָבן געהאַט אַ שטאַרקע השפעה אויף מיר, אַזוי אַז איך האָב זיי געוואָלט נאָכטאָן. איך האָב געוואָלט, אַז אויך אונדזער קינד זאָל פילן דעם טעם פון אַזאַ שפּילעווודיקייט ווי עס פילן די קינדער וואָס קענען די ליכטיקע לידער פון ר. ל. סטיוונסאָן, וויטקאָם רייעלי, יודזשין פילד, עמילי דיקנסאָן, ניקאָלאָס וואַשל לינדזי, א. א.

איך האָב קיין איינע פון זייערע לידער ניט איבערזעצט, אָבער איך האָב זיי פּרובירט נאָכטאָן מיט עטלעכע קליינע זאַכעלעך ווי ״בע־בע־שעפּסעלע״, ״אַ פייגעלע מיט אַ געלן שנעבעלע״, ״ווידע און קינד״, ״לאָמיר כאַפּן די לבנה״ און אפשר נאָך זאַכן וואָס זיינען מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן.

—

איך וויל דאָ אויסדריקן מיין טיפסטן דאַנק מיין פריינט, דעם דיכטער משה שאַפּיר, פאַרן העלפן מיר מיטן לייענען און קאָרעגירן מיינע לידער און בכלל פאַר זיין איבערגעגעבנקייט און מי.

## רשימה פון צייכענונגען:

### ב. מלחי

שער-בלאט און צייכענונגען (אויף זייטן) 13, 16, 26, 33, 40, 42, 80, 83, 84, [redacted] 110, 128, 146, 147, 156, 158, 160, 198.

### ה. דאניעלס

צייכענונגען (אויף זייטן) 48, 135, 142, 165, 170, 176, 183

### י. שיינבלום

צייכענונגען (אויף זייטן) 36, 90 [redacted] 167.

## ווי בלימעלעך אין רעגן

אָרים איז מיין שטיבעלע,
מיט אַן אַלטן דאַך,
וואַקסן אין אים קינדערלעך
קליינינקע אַסך.

גייט אין גאַס אַ רעגנדל,
ווערט אין שטיבל נאַס —
לויפן מיינע קינדערלעך,
שפּילן זיך אין גאַס.

גייט אין גאַס אַ רעגנדל,
גייט ער זיי אנטקעגן —
וואַקסן מיינע קינדערלעך,
ווי בלימעלעך אין רעגן.



## קינדער - אויגן

יעדן טאָג אַזוי,
בלויע הימלען צוויי,
עפּענען זיך אויף,
ווי די זון גייט אויף.

ווי די זון פאַרגייט,
מאַכן זיי זיך צו,
שלאָפן שמייכלענדיק,
אין אַ וועלט פון רו.

אין אַ קרוין פון גאָלד —
בלויע הימלען צוויי;
און אַ האַרץ מיט פרייד,
ציטערט איבער זיי.

יעדע נאַכט אַזוי,
און יעדן טאָג באַזונדער;
עפּענען זיך הימלען צוויי,
אין אַ וועלט פון וווּנדער.

## אַלץ צוליב מיין יינגעלע

איך פֿאָר פֿון שטאָט אין דאָרף אַרויס,
פֿעלד אַריין און פֿעלד אַרויס,
אַלץ צוליב מיין יינגעלע.

פֿאַלט אין דאָרף אַ שניי אַרויס,
אַ ווייסער, ווייסער שניי אַרויס,
אַלץ צוליב מיין יינגעלע.

פֿון הימל קומט די זון אַרויס,
אַ גרויסע, גרויסע זון אַרויס,
אַלץ צוליב מיין יינגעלע.

וואַרפֿט די זון איר גאָלד אויף שניי,
פֿולע הויפֿנס גאָלד אויף שניי,
אַלץ צוליב מיין יינגעלע.

פֿויער גייט אין שטאַל אַריין,
שפּאַנט ער פֿערד אין שליטן איין,
אַלץ צוליב מיין יינגעלע.

— — — — — — —

רויטער שליטן, רויטער פֿערד,
גאָלד און זילבער אויף דער ערד,
גלין גלאָן, גלין גלאָן, ווייסע וועלט,
אַלץ צוליב מיין יינגעלע.

## זיי אַ גוטע, גיטעלע!

זיי אַ גוטע, גיטעלע —
קויף איך דיר אַ שליטעלע
מיט אַ ווייסן פערד.

וועט קומען אַ קליין פייעלע,
אויסשפּרייטן אַ שנייעלע
מאַכן ווייס די ערד.

וועט ברענגען אַ רויט היטעלע,
אַ קליין גאָלדן ריטעלע,
וועט ברענגען מילדע פרעסט.

וועסט שפּאַנען פערד אין שליטעלע,
אָנטאָן דיין רויט היטעלע,
און פאָרן ווייט אין געסט.

וועסט שמייסן מיטן ריטעלע,
וועט לויפן גיך דאָס שליטעלע,
וועט לויפן גיך דאָס פערד.

אויף גלאַטע ווייכע וועגעלעך,
איבער גליטשיק-ווייסע שטעגעלעך,
איבער ווייסער ערד.

זיי אַ גוטע גיטעלע, —
קויף איך דיר אַ שליטעלע,
מיט אַ גאָלדן ריטעלע,
מיט אַ ווייסן פערד!



# מײַן בערעלע

דו װײסט אַלע מײַנע װעגן,
און איך דײַנע נאָך מער;
ביזט מײַן קלײנער בערעלע,
און איך — דײַן מאַמע בער.

אַט קריכסטו אויף אַ בוים אַרויף,
אַט אַ קלײבסטו ניס,
איך גײ דיך נאָך מיט פרײד אין האַרצן,
מיט ציטער אין די פיס.

אַט האָסטו שוין אַ בינשטאָק אויך,
איך עפן אים פאַר דיר,
עסט דעם גאַנצן האָניק אויף
לאָזסט אַ ביסעלע פאַר מיר!

אַט ביזטו שוין אַ העזעלע,
שפּרינגסט אום הין און הער,
פאַרגעסט אַז דו ביזט בערעלע,
און איך בין מאַמע־בער.

און באַלד װערסטו אַן אָדלער גאָר,
און לאָזסט זיך אויפן װינט,
טאָ װי זאָל איך דיך נאָכיאָגן?
מײַן ײנגעלע, מײַן קינד.

## איך וואַש מיין קינדס וויקעלעך

איך וואַש מיין קינדס וויקעלעך
אין קליינעם קלאָרן טייך,
עס וועט מיין קינד אויסוואַקסן,
גרויס און גוט און רייך —

טראָגט דער טייך כוואַליעכלעך,
קלאַפּן זיי און זשומען,
איז מיין קינדס אַ וויקעלע,
מיט זיי אַוועקגעשוואומען.

טראָגט, איר קליינע כוואַליעכלעך,
מיין וויקעלע אַוועק —
וו עס וואַשט אַ מאַמע אַן אָרעמע,
ווינדעלעך, ביי אַ ברעג. —

וועט זי אויפהויבן מיין וויקעלע,
וואָס איז אַוועקגעשוואומען,
און נוצן פאַר איר קינדעלע —
טאָ זאָל איר וויל באַקומען!

## בעט פאַר אים שווייגנדיק

גלעקעלע, גלעקעלע, שטילער, נישט קלינג,
פייגעלע, פייגעלע, שטילער, נישט זינג,
הינטעלע, הינטעלע, שטילער, נישט ביל,
מיאַווקע נישט קעצעלע, שטילער, זיי שטיל.

זשומע נישט בינעלע, פלי נישט אַרום,
קלאַפּ נישט אין פענצטער,
קלאַפּ נישט אין שויב,
קראַנק ליגט מיין יינגעלע,
מיין גאָלדענע טויב.

עס שלאָפט איצט מיין יינגעלע
שטילער, זייט שטיל!
בעט פאַר אים שווייגנדיק,
בעט אין דער שטיל.

# מיין קליינינקע מיידעלע סוזי

מיין קליינינקע מיידעלע סוזי,
איך זוך זי, איך רוף זי,
ווו איז זי?

ווו איז זי באַהאַלטן?
ווו איז זי אַנטרונען?
איך זוך און איך רוף,
און איך קען ניט געפינען,
מיין קליינינקע מיידעלע סוזי.

מיין קליינינקע מיידעלע סוזי,
איך זוך זי, איך רוף זי,
ווו איז זי?

אַט קוקט זי אַרויס —
פון די פינגערלעך־שפּאַלטן,
ווו זי איז אַנטרונען,
און האָט זיך באַהאַלטן,
ווי אַ קליינינקע מייזעלע —
הינטערן טיר.

דרייט קלוג מיטן קעפּעלע,
און לאַכט פון מיר,
וואָס איך זוך זי,
און רוף זי,
ווו איז זי?
מיין קליינינקע מיידעלע סוזי!

## מיין חלום

מיט יעדן גלעט וואָס עס גיט דיר דער ווינט,
גלעט מיין אויג און מיין האַרץ דיך צוגלייך;
ביזט מיין קינד ווי אַ יונגינקע אינד,
אויף גרינינקער לאָנקעביים טייך.

טאַנצן לייכט דיינע קינדערשע פיס,
שויבערט גאָלד אויף דיין זוניקן קאָפּ;
און די כוואַליעס ווי זילבער אין טייך,
וויגן אום זיך אַרויף און אַראָפּ.

שפּיגלען אָפּ אין זיך דיין געשטאַלט,
ביזט אַ שפּרינגענדיק-יונגינקע אינד;
און מיין חלום מיט דיר דאָרט צוגלייך,
אויף גרינינקער לאָנקע ביים טייך.

# קינדערשער חן

וואָס טוט אַ מאַמע
מיט קינדערלעך זיבן?
זי טוט זיי האָלט האָבן
און ליבן.

זי טוט זיי נאָכגעבן
אַלץ וואָס זיי ווילן;
און שפּילט זיך מיט זיי
זייערע קינדערשע שפּילן.

און דערפאַר וואָס זי שפּילט זיך
מיט די קינדערלעך קליין,
האָט שטענדיק איר פּנים
אַ קינדערשן חן.

אַזוי גיט זי זיי עסן,
אַזוי לייגט זי זיי שלאָפן;
און פאָרט מיט זיי מיט
צו זייער גאָלדענעם האַפן.

און לאָזט זיך מיט זיי
אין זייערע וועלטן שוועבן;
און טוט פאַר זיי —
חלומות אויסוועבן.

נאַכטיקן זילבער
און פעלדער מיט ליין
שפּינט זי אין זיבן
חלומות אַריין.

אײן חלום באַגלייט זי
אין טאָג אַריין;
ס'האָט שטענדיק איר פּנים
אַ קינדערשן חן.

## אַ כּישוף - שטיבעלע

אין אַ כּישוף - שטיבעלע,
וווינט חנהלע און ליבעלע:
מיט טאַטן און מיט מאַמען,
אַלע פיר צוזאַמען.

און ווי אַ כּישוף-שטיבעלע
איז עס פול מיט וווּנדער;
פון אַלע פיר וואָס וווינען דאָרט,
פון אַלע פיר באַזונדער.

דער טאַטע טראַכט און חלומט נאָר
לידער און משלים;
האָט ער חנהלען און ליבעלען
אויסגעטראַכט פון חלום.

זיינען זיי די ביידינקע
ווי צוויי שיינע טרוימען;
ליבעלע מיט אויגן בלוי,
און חנהלע מיט ברוינע.

און די מאַמע אויך אַזוי,
לעבט אין וועלט פון קלאַנגען,
לערנט זי די קינדערלעך
שיינינקע געזאַנגען.

זינגט דעם טאַטנס לידער
אונדזער קליינע ליבעלע,
און איר שוועסטער חנהלע —
זינגט „אין אַ קליין שטיבעלע.״

פריער זינגט מען איינציקווייז,
נאָכדעם צוויי צוזאַמען,
און דערנאָך אין איינעם שוין
— מיט טאַטן און מיט מאַמען.

זינגען שיין און וואַקסן שיין,
חנהלע און ליבעלע,
ס׳איז אַ נס אונדז אַלעמען,
זייער כּישוף - שטיבעלע.

# מיין ווייסינקע לאם

אַז קיינער זאָל מיין ייִנגעלע
ביי מיר ניט צונעמען;
אַז צווישן אַלע קינדערלעך
זאָל איך אים דערקענען,
קויף איך אים אַ פּייקעלע
וואָס מאַכט באָם באַראַ-באָם!
און שטריק אים אויס אַ היטעלע
מיט אַ רויטינקן קאַם,
ווי ביים ווייסן הענדעלע
אַ רויטינקן קאַם,
מיכעלע מיין ייִנגעלע,
מיין ווייסינקע לאַם.

אַז קיינער זאָל מיין ייִנגעלע
ביי מיר ניט צונעמען;
אַז צווישן אַלע קינדערלעך
זאָל איך אים דערקענען,
בינד איך אים אַרום —
מיט אַ רויטינקן בענדעלע,
און טו אים אָן דאָס היטעלע
מיטן קאַם ווי ביים הענדעלע,
קלאַפּט ער מיטן פּייקעלע,
באָם באַראַ-באָם!
מיכעלע מיין ייִנגעלע,
מיין ווייסינקע לאַם.

וועט קיינער מיין ייִנגעלע
ביי מיר ניט צונעמען;
צווישן אַלע קינדערלעך
טו איך אים דערקענען,
קלאַפּנדיק אין פּייקעלע,
באָם באַראַ-באָם!
מיטן רויטן שנירעלע
און רויטינקן קאַם,
ווי ביים ווייסן הענדעלע
דער רויטינקער קאַם;
מיכעלע מיין ייִנגעלע,
מיין ווייסינקע לאַם.

# איך וועל נאָכגיין

איך וועל נאָכגיין נאָך דיר,
אויף דיינע דיינינקע שטעגן,
נאָכגיין און היטן דיך שטיל.

איך וועל נאָכגיין נאָך דיר —
אין דיינע גרינינקע וועלדער,
און דערציילן דיר מעשהלעך פיל.

איך וועל נאָכגיין נאָך דיר
צו דיינע כישוף-פּאַלאַצן,
שטיין אונטערן פענצטער
און היטן דיין שפּיל.



## דריי בערעלעך

מיט הילכיק געלעכטער
און קינדיש געשריי,
קומען אריין
מיינע בערעלעך צוויי —
צוויי ווייסינקע בערעלעך,
באדעקטע מיט שניי.

ברענען פיר אייגעלעך
מיט גנבהשן שפאס:
—מאמע, דארט ווארט נאך
א דריטער אין גאס!
א דריט וויים בערעלע
ווארט דארט אין גאס.

מאמע, לויף גיכער
און עפן אים אויף!
דאס קליין וויים בערעלע —
פרירט דארט אין הויף,
לויף גיכער און עפן
די טיר פאר אים אויף.

לויף איך און עפן
די טיר פון דעם הויף,
פאַלט אַ קליין בערעלע
אויף מיר אַרויף.

אַ בערעלע פון . . . שניי
האָבען מיינע בערעלעך געמאַכט,
„אָפּגענאַרט דער מאַמען —"
האָבן קינדערלעך געלאַכט.

## שענער פון אַלץ

שיין איז דער טאָג אין ליכט פון דער זון,
די נאַכט אין איר זילבערנעם בויגן;
נאָר שענער פון נאַכט און שענער פון טאָג
זיינען מיין מיידעלעס ליכטיקע אויגן.

שיין איז דער טייך אין גרינינקן טאָל
מיט ווייסינקע ענטעלעך ריינע,
אָבער שענער מיין מיידעלעס הענטעלעך צוויי,
מיט אירע ראָזינקע פיסעלעך קליינע.

נאָר עס לאַכט און עס רעדט —
נאָר עס שווימט און עס שוועבט,
ווי די ענטלעך אין קלאָרינקן טייך;
אין בעטעלע ריין, אין בעטעלע שיין,
ווער איז צו מיין מיידעלע גלייך?

## צייט אויפצושטיין

אין שולע! קינדער, מאַכט אייך פאַרטיק,
עס האָט געקרייט שוין לאַנג דער האָן,
עס קוקט די זון שוין לאַנג אין פענצטער;
גיכער קינדער, טוט אייך אָן!

עס אַרבעט מענטש, חיה און פויגל,
עס האָט זיין פאַך אַ יעדער מין;
די מוראַשקע שלעפּט איר מאַסע, —
נאָך איר האָניק פליט די בין.

דאָס פעלד איז מונטער, דאָס טייכל פריילעך,
אויסגעשלאָפן, רוישט דער וואַלד,
דער קלענסטער פויגל אַרבעט פלייסיק,
האָט זיין נעסט שוין פאַרטיק באַלד.

די שיפער שלעפּן שוין די נעצן,
דעם שניטערס קאָסע שטייט שוין גרייט,
— קינדער! גיכער פאַר די ביכער —
און אין שולע לוסטיק גייט!

# גרויסע און קליינע

זינג, ווי דו ווילסט,
צי שיין צי ניט שיין —
קליינינקע פיסעלעך
טאַנצן אַליין.

שפּיל, וואָס דו ווילסט,
אַזוינס, צי אַזוינס —
ראָזינקע מײלעכלעך
זינגען אַלץ איינס.

שפּיל שיין און שפּיל פיין,
צייל איינס און צייל צוויי —
עס מוזן גיין גרויסע
אַזוי און אַזוי.

קליינינקע גייען,
ווי קליינינקע ווילן,
קליינינקע שפּרינגען
און טאַנצן און שפּילן.

## אָט, אָט

אָט, אָט,
שטעלט מיכעלע אַ טראָט,
איינעם קרום —
און איינעם גראָד.

אָט, אָט,
שטעלט מיכעלע אַ טראָט,
און ער גייט שוין
גוט און גראָד.

און ער גייט —
אַליין, אַליין —
פון דער מאַמעס גוטע אָרעמס,
אין דער ברייטער וועלט אַריין . . .

## ש כ נ י ם

דאָס ראָזע מויל און פּיסעלע —
פון אונזער קליינטשיקער מײטען;
האָבן ערשט ביז מיט אַ וואָך צוריק,
ניט באַגעגנט איינס דאָס צווייטע.

איצט זוכן זיך די שכנים אויס —
דורך אַלערליי מין וועגן;
מען קושט זיך און מען שפּילט זיך נאָר —
מעג זיין סיי זון סיי רעגן.

# לאהלע

לאהלע איז אַ מיידעלע
פון חדשים גאַנצע אַכט,
פּאַטשט זי מיט די הענטעלעך,
און לאַכט, און לאַכט, און לאַכט.

איר וועלט איז אַ קליין בעטעלע,
מיט שפּילכלעך אָנגעפּילט,
פאַרפלעכט זי הענט אין פיסעלעך,
און שפּילט זיך, שפּילט, און שפּילט.

און קלוג איז קליינע לאהלע,
מיט חכמות אָן אַ מאָס;
זי טרייבט אַליין אַ פליג אַראָפּ —
פון איר פּיצל נאָז.

און גייט נאָר ווער איז שטוב אַריין,
אַ העפלעכקייט אַזאַ —
קושט זי איר שפּיץ הענטעלע,
און שאָקלט עס: טיאַ, טיאַ.

און ליב האָט זי איטלעכן,
איז מיט קיינעם ניט אין קריג;
רעדט צו יעדער צאַצקעלע
וואָס ליגט ביי איר אין וויג.

קלוג איז אונזער לאהלע,
און שיין ווי גאָר די וועלט;
און זשמורקעט מיט די אייגעלעך,
און קוועלט, און קוועלט, און קוועלט.

# אַלץ — איך . . .

איך האָב צוויי קליינע פיסעלעך,
צען פינגערלעך אויף זיי;
אַז איך לויף — לויפן זיי מיט מיר,
אַז איך שטיי — שטייען זיי.

איך האָב צוויי בלויע אייגעלעך,
צוויי ברעמעלעך אויף זיי;
אַז איך לאַך — לאַכן זיי מיט מיר,
אַז איך וויין — וויינען זיי.

איך האָב אַ ליכטיק קעפּעלע
מיט קרויזן האָר, ווי גאָלד;
לייג איך עס אין מאַמעס שויס,
און מאַמע קושט דאָס גאָלד.



## איצט בין איך מיין זיידע

דאָס איז מיין זיידנס יאַרמולקע,
און דאָס — מיין זיידנס שיך;
און דאָס — מיין זיידנס זשופּיצע,
און איך אַליין בין איך.

נאָר איצט בין איך מיין זיידע;
און טאַמער קומט ער באַלד,
ווער איך ווידער יוסי —
און בין פיר יאָר אַלט . . .

## דוד׳ל

דוד׳ל — דוד׳ל —
רבי דוד המלך;
וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַנג
און וואָס פאַר אַ הולך?

די שטעקשיך דעם טאַטנס,
די יאַרמולקע דעם זיידנס;
מיט תנועות און העוויות —
נאָכצוטאָן זיי ביידן.

דעם נאָכגעטאָן,
דעם נאָכגעמאַכט,
און דאָס פּנימל אַזאַ,
וואָס לאַכט נאָר און לאַכט.

## רינג-אַרום-אַ רעדעלע

יוסי איז אַ ייִנגעלע,
פאַרשייט און קליין —
ער דרייט זיך אין רינג-רעדעלע,
איינער אַליין.

רינג-אַרום אַ רעדעלע
אַריין און אַרויס —
עס דרייט זיך מיט יוסי׳ן
דאָס גאַנצענע הויז.

רינג-אַרום אַ רעדעלע
אַרויף און אַראָפּ,
און עס דרייט זיך מיט יוסי׳ן
זיין גאָלדענער קאָפּ.

רינג-אַרום-אַ רעדעלע
האָפּ — האָפּ — האָפּ!
פאַלט אום יוסי —
און צעשלאָגט זיך דעם קאָפּ!...

## מאַמע איז שולדיק

איך בין אַ קליין, קליין יינגעלע,
און קאָן קיין זאַך ניט טאָן,
און שולדיק איז אין דעם מיין מאַמע,
ווייל זי זאָגט מיר שטענדיק אָן:

— טו ניט דאָס, און טו ניט דאָס,
און ריר קיין זאַך ניט אָן.
מוז איך שטענדיק פאָלגן מאַמען —
און קאָן דערפאַר קיין זאַך ניט טאָן.



## צופרידן

און אז עס רעגנט אין דרויסן,
וואָס מאַכט עס מיר אוים?
איך האָב מיר אַ טורעם,
איז ער מיילן די גרוים.

און בוי-העלצלעך אויך,
פון געל, רויט און גרין, —
וואַרף איך זיי אום
אַהער און הין.

איך בוי מיט זיי שיפן,
און שפּיל זיך און שפּיל;
און פאָר מיר אַרום,
ווו נאָר איך וויל.

## איך בין קאַפּיטאַן

עס האָט מיר מײַן מאַמע
אַ שיפֿל געקויפֿט;
און נעמט מיך אין פּאַרק —
צו אַ װאַסער, װאָס לויפֿט.

און גרויס איז מײַן שיף
אויף אַ גאַנצענעם שפּאַן;
בין איך גרעסער פֿון איר —
איך בין קאַפּיטאַן.

שיפֿ איך מײַן שיף
בײַם װאַסער אין זאַמד,
שווימט זי מיט מיר —
אין אַ װײַט װײַטן לאַנד.

עס פֿאָרט אויך מײַן מאַמע,
מיט מיר אין דעם לאַנד,
איך בין קאַפּיטאַן —
און האַלט זי בײַם האַנט.

# אויף אַ רייזע מיט מיין קעצל

אַמאָל איז מיין וויג אַ וואָגן,
אַמאָל איז זי אַ באַן:
היינט איז זי מיין גרויסע שיף
און איך, איר קאַפּיטאַן.

פאָר איך איבער ימים,
פאָר איך, וואו איך וויל,
פאָרט מיט מיר מיין קעצל,
זי מיינט, עס איז אַ שפּיל.

רעד איך צו מיין קעצל,
דער ים איז טיף און גרויס,
זע, פאַרהאַלט זיך רואיק,
נישט גיב קיין שפּרונג אַרויס.

איז עס קליין, מיין קעצל,
קלענער נאָך פון מיר, —
און פאַרשטייט קיין וואָרט נישט,
וואָס מען רעדט צו איר.

און גיט אַ שפּרונג פון וויגל,
ווי אַ קליינער האָז,
זע איך די סכנה —
און גיב זיך באַלד אַ לאָז;
אַרונטער נאָך מיין קעצל,
און — צעבלוטיק זיך די נאָז . . .

# מיט מיין ליאַלקעלע

ווען מאַמע זאָגט: שוין שלאָפן צייט,
לייגט זי מיך אין בעט אַריין,
ליגט מיין ליאַלקעלע ביי מיין זייט,
און הערט ווי מאַמע וויגט מיך איין.

מאַמע זינגט אַ מעשהלע:
שלאָף מיין קינד שלאָף איין,
מאַכט ליאַלקעלע די אויגן צו,
מיר שלאָפן ביידע איין.



## דער וואַנדער-ייִד

איך ליג אין ווייסן וויגעלע,
נאָר מאַמע רופט מיך ציגעלע,
און זינגט מיר אַזאַ לידעלע —
„וועסט וואַקסן גרויס, מיין יידעלע.

וועסטו פאָרן האַנדלען —
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען,
אין צייט פון אייזן-באַנען,
וועסט פאָרן ווייט פון דאַנען."

כ'בין אַלט אַ האַלבן יאָר,
איך האַנדל און איך פאָר;
אַט בין איך דאָ, אַט דאָרט,
איך רו ניט אויף קיין אָרט.

מיר אין ווייסן וויגעלע,
זינגט מאַמע אַלע לידעלעך;
און רופט מיך וואַנדער-יידעלע,
און רופט מיך ווייסע ציגעלע.

באַשטעלט זי אַלץ ביי מיר —
האַנדל' איך און פיר,
ראָזשינקעס מיט מאַנדעלעך,
מיט זיסע צוקער-קאַנדעלעך —
און ברענג עס אַלץ פאַר איר.

## פון פוס ביז קאָפּ די גרויס

איך בין אַ גרויסער ייִנגל,
פון פוס ביז קאָפּ די גרויס;
כ'האָב מעשׂיות צו דערציילן —
און קיינער הערט מיך אויס.

מאַמע איז פאַרנומען,
טאַטע — ניט אין הויז;
און איך האָב מעשׂיות צו דערציילן —
און קיינער הערט מיך אויס.

רייד איך צו די פענצטער,
רייד איך צו די ווענט,
רייד איך צו מיין בערעלע
און נעם אים אויף די הענט.

איך דערצייל אים מיינע מעשׂיות,
און ער הערט מיך אויס:
ווייל ער איז דאָך אויך אַזוי, ווי איך —
פון פוס ביז קאָפּ די גרויס.



## זיי האָבן ניט קיין מורא

אויף אַ בוים בין איך געווען,
האָב אַ נעסטעלע געזען.

פייגעלעך פיר פּיצעלעך,
אין נעסטעלע אַליין.

ווי האָבן זיי קיין מורא ניט?
איך קאָן עס ניט פאַרשטיין!

איך בין שוין אַ גרויסער גאָר,
און מיין ברודער אויך נישט קליין,

און אַז מיין מאַמע גייט אַוועק —
ווילן מיר נישט זיין אַליין . . .

## אין דער צוקונפט

אַז איך וועל אויסוואַקסן
און זיין אַ מאַן,
וועל איך גרויס —
און שטאַלץ זיין דאַן.

די גרעסערע קינדער
וועל איך אָנזאָגן,
זיי זאָלן מיך שוין
מער ניט שלאָגן.

און די קלענערע
וועלן מער ניט קענען —
מיינע שפּילעכלעך —
ביי מיר נעמען.

## אַז

אַז איך וואָלט זיין דו,
און דו וואָלסט זיין איך,
וואָלט איך —
געטראָגן דיינע שיך.

מיר וואָלט זיין אַכט יאָר,
און דיר וואָלט זיין פיר;
וואָלסט דו דאַן —
געשפּילט זיך מיט מיר?

# דער גערטנער

איך האָב פֿאַרזייט מײַן גערטנדל
אין אַ פֿריִען פֿרילינג-טאָג,
קומט די זון אים וואַרעמען
איעדן, יעדן טאָג.

קומען טויבן פֿאָרן
אויף מײַן גאָרטנס פּלויט,
שפּראָצן גרינע שפּראָצונגען
פֿון יעדן, יעדן בוים.

קומט אַ גוטער רעגנדל
און ברענגט אים טוי אויף נאַכט,
ס'וועט וואַקסן שיין מײַן גערטנדל —
זיך איך און איך טראַכט.

# צוויי ציינדעלעך

צוויי ציינדעלעך, צוויי ציינדעלעך!
האָט מאַמע ערשט געפונען,
אין מויל ביי חנה לאהלען —
צוויי ציינדעלעך געפונען.

צוויי ציינדעלעך, צוויי ציינדעלעך!
ווי אַ ווייסער בויגן,
פּאַסן זיי דער קליינינקער,
צו אירע בלויע אויגן.

פּאַסן שיין איר פּנימל
מיט די ליבע חנהן,
צו די ראָזע ליפּעלעך
און מיילעכל דעם קליינעם.

צוויי ציינדעלעך, צוויי ציינדעלעך!
אַזאַ שיינער וואונדער,
לויפן אַלע אָנקוקן
פרייען זיך באַזונדער.

ווייזט יעדן חנה-לאהלע,
אירע ציינדעלעך באַזונדער,
און פרייט זיך מיט מיט אַלעמען,
אויפן גרויסן וואונדער.



## דאָס ליאַלקעלע רעדט יידיש

גערקומען צו גאַסט —
די באָבינקע פרומע,
געבראַכט פאַר חנה-לאַהלען —
אַ ליאַלקעלע פון גומע,
אַ שיין, קליין ליאַלקעלע,
אַ ליאַלקעלע פון גומע.

ס׳טראָגט קלײדעלעך מיט שירצעלעך,
מיט אַלע שײנע זאַכן;
ס׳האָט קלײנע װײַסע צײנדעלעך
און אײגעלעך װאָס לאַכן:
נאָר רעדן װיל עס ניט קײן װאָרט,
װאָס דו זאָלסט ניט מאַכן.

קוקט איר חנה־לאהלע
אין העלדזל און אין נעזל;
און פּרובירט איר אײַנגעבן
אַ רפואה פון אַ גלעזל;
רעדט צו איר אױף ענגליש,
פרעגט זי „אַר יו דאָס״?
סטראַשעט זי אָװעקשיקן
מיט באָבען צוריק אין קראָס.

נאָר װאָס זי זאָל ניט זאָגן
און װאָס זי זאָל ניט מאַכן;
די ליאַלקע קוקט זי אָן —
מיט אײגעלעך װאָס לאַכן
און לאַכט זיך אױס פון איר,
מיט די אַלע זיבן זאַכן.

װערט חנה־לאהלע שױן בײז,
און װאָס איז פאַר אַ חידוש?
גיט אַ דריק דאָס ליאַלקעלע,
און שרײַט צו איר אױף יידיש:
„ביזט אַ שטומע ליאַלקעלע!״
און הערט נאָר, ס׳אַראַ חידוש,
דאָס ליאַלקעלע װײנט: מאַ—מע—!
דאָס ליאַלקעלע רעדט יידיש.

און אױסער דעם װאָרט מאַמע,
זאָגט זי אױכעט מומע;
אַזאַ יידיש ליאַלקעלע —
האָט געבראַכט די באָבע פרומע,
פאַר קלײנער חנה־לאהלען,
אַ ליאַלקעלע פון גומע.

# חוהלע וויל פליען

עס וויל די קליינע חוהלע
מער אין וויג ניט בלייבן;
זי זעט עס פליען פייגעלעך
אין די גרינע צווייגן.

וויל זי אויך אין גאַס אַריין
שפּילן זיך און פליען;
כאַפּן זונען־שטראַלעכלעך
אין די אינדערפריען.

הערט זי בלעקען שעפּסעלעך
אין דעם טאָל דעם קילן;
וויל זי מיט די שעפּסעלעך,
וויל אין גראָז זיך שפּילן.

און אין טייך דאָס וואַסערל
פּלאַפּלט רעדט כסדר;
וויל זי אויך צום טייכעלע
מיט וואַסערלעך דאָרט רעדן.

און אויף באַרג אויף גרינינקן
זשומט אַ גאָלדן בינעלע,
וויגט אַ ווייסע בלימעלע
מיט איר זשום־זשום־זשום.

וויל זי מיט די וואַסערלעך,
וויל זי ווי דאָס בינעלע,
וויל זי מיט די פייגעלעך
פליען אומעטום.

## ר י י ז ע ל ע

ס'איז ניט קיין קליינע פייגעלע,
וואָס זינגט אויף גרינעם צווייגעלע;
ס'איז אונזער שיינע רייזעלע,
וואָס רופט פון איר שפּיל-שטייגעלע.

מיט איר זיסן קולכעלע,
רופט איר ברודער, יודעלע,
רופט זי איר גרויס ברודערל;
קלינגט עס ווי אַ לידעלע.

קומט ער צו צום שטייגעלע,
מאַכט רייזעלע אים הנדעלעך;
עפנט אויף דאָס מיילעכל,
און ווייזט אים אירע ציינדעלעך.

לאַכט מיט רונדע אייגעלעך,
קנייטשט אַרויף דאָס נעזעלע;
גיט אים אירע שפּילעכלעך,
די ליאַלקע און דאָס העזעלע.

נאָכדעם פּאַטשט זי קיכעלעך,
פּאַכעט מיט די הענטעלעך;
אין איר ווייסן שירצעלע,
שוועבט זי ווי אַן ענטעלע.

## דער שרייבער

אַלע שרייען זיי אויף מיר,
טשעפּע נישט די טינט און פּען!
מוז איך שרייבן מײַנע בריוו,
אַז קיינער זאָל נישט זען.

אין אַ ווינקל אונטערן טיש,
ווו עס זעט מיך קיינער,
נעם איך טינט און פּענעס מיט,
און שרייב מיט יעדער איינער.

גיס איך טינט אָן אויפן דיל,
און שרייב שוין מיטן פינגער,
אין העפט צו שרייבן נעמט צו לאַנג,
אויפן וואַנט איז גרינגער.

איך שרייב זיי יעדן גוטע בריוו,
פון זאַכן אַלערליי;
און איך זיץ דאָך אַזוי שטיל —
טאָ וואָס זשע שרייען זיי?

# די שרייבערן

שפּרהלע קען שרייבן
א, ב, און ג,
און מיט אַ רונדער ה,
שרייבט זי הויך און הימל.

שרייבט זיידע מיט אַ ז
און באָבע מיט אַ ב,
און רעדעלע און ראָד,
שרייבט זי מיט אַ ר.

ווייס זי ווי צו שרייבן,
ווייס זי ווי צו גראַמען,
שטעלט אותיעלעך מיט אותיעלעך
קליינינקע צוזאַמען.

שרייבט זי אַן אַ בריוועלע
דעם טאַטן און דער מאַמען!
און שרייבט זיך אונטער — שפּרהלע,
מיט אַלע טויזנט טעמען.

## עוזר

אונזער עוזר געהערט
צו די טייערע נעמען
וואָס די גאַנצענע גאַס,
טוט מיט זיי שמען.

ער איז אומעטום פול
און יעדערער קען אים:
און אַלץ וואָס ער וויל,
איז העלפן נאָר יענעם.

וואָס איינער טוט,
מוז ער אַלץ טאָן;
מוז יעדערן העלפן,
מיט וואָס נאָר ער קאָן.

דעם זיידעניו העלפט ער
די ברילן געפינען,
דער באָבעניו העלפט ער
מעשהלעך שפינען.

דעם טאַטן העלפט ער
שפילן אין שאַך;
דער מאַמען העלפט ער
מיט יעטווידער זאַך.

דער שוועסטערל העלפט ער
אַ לידעלע גראַמען;
די חברימלעך העלפט ער
אַ גערטנדל צאַמען.

ער העלפט זיי זיך שפילן,
שפרינגען און טאַנצן;
ער העלפט זיי די בייטן —
מיט קרייטעכער פלאַנצן.

ער העלפט און ער העלפט,
מיט אַלץ וואָס ער קאָן;
ווייל זיין נאָמען איז עוזר
און ער דאַרף אַזוי טאָן.

# באָבל

צי קענט איר אונדזער שיינע באָבל
מיט די ציינדלעך: ווייסער קנאָבל,
איין ברוינער צאָפּ פון צווייטן לענגער,
און יעדן טאָג אַן אַנדער סטענגע.

און יעדן טאָג אַן אַנדער קליידל,
פּיינט זיך אויס פאַר יעדן מיידל,
חנדלט זיך פאַר גרויס און קליין,
זעסט מיין קליידל, ווי ס'איז שיין?

רעדן רעדט זי בלויז נאָר יידיש,
און קיין זאַך איז ביי איר קיין חידוש.
זאָגט אייך מוסר, גיט אַן עצה,
און שמייכלט צו פון הינטערן פּלייצע.

זינגען קען זי שיינע לידער,
העלפט צו דער באָבען מיטן טייטש פון סידור;
דערציילט אייך מעשות פון טיפן טרויער,
און טאַנצט די הורא פון ארץ-ישראל.

אַזאַ מיידל איז אונדזער באָבל,
אַז פיל איר קענט, קען זי טאָפּל,
און פיל איר ווייסט, ווייס זי מער,
און ס'איז פאַר איר קיין זאַך ניט שווער.

ווייס איר עלטער מיט די יאָרן,
ווייס דעם טאָג פון איר געבאָרן:
שוין פיר-א-האלב, אַ גרויס מיידל,
און זעסט? איך האָב אַ שיינע קליידל?.

# אַ מעשהלע וועגן סוזין

סוזי איז אַ מיידעלע
אַ קלוגע און אַ גוטע,
ווי זי ווערט נאָר הונגעריק,
בעט זי ברויט מיט פּוטער.

נאָכן עסן בעט זי מילך,
און טרינקט אַ פולע גלעזל;
נאָר היינט איז זי ניט אויפגערוימט,
רייבט זיך ביי דעם נעזל.

האַלט מען זי אין בעטעלע,
טאָמער אַ פאַרקילונג;
וויל זי ניט אין בעטעלע,
וויל זי זיך ניט שפּילן.

גיט מען איר אַ ביכעלע,
מיט מעשהלעך און גראַמען;
אויפן טאָוועלע אַ שיף —
שווימט אויף ווייטע ימען.

בלעטערט זי דאָס ביכעלע,
קוקט מיט גרויסע אויגן;
זעט אַ פייגעלע פון שטייג
איז אַרויסגעפלויגן.

זעט אַ פעלד מיט פלאַטערלעך,
שפּרינגערלעך און גרילן;
זעט אין טאָל אַ פּאַסטעכל —
אויף אַ פייפל שפּילן.

אַ גאָרטן חיות אַלערליי,
אויף קייטן און אין צאַמען;
זעט קינדער קליינע פאַרנדיק —
אויף לאַנגע רויטע באַנען.

קוקט זי, קוקט אין ביכעלע,
מיט פאַרבענקטע אויגן;
דאָס האַרץ אין איר אַ פלאַטערל —
רייסט זיך ווי פון שטייגן.

עס ציטערט איר אַ ליפעלע,
צוויי גרויסע טרערן גליען;
עס וויל ניט דאָס קליין פייגעלע —
פון ביכל אַרויספליען.

ווישט זי זיך די אייגעלעך,
מסרט פאַר דער מאַמען;
עס ווילן ניט די קינדערלעך
אַרויסגיין פון די באַנען.

עס ווילן ניט די העזעלעך,
עס ווילן ניט די בערן;
זי וויל ניט מער דאָס ביכעלע!
טענהט זי דורך טרערן.

זי וויל בעסער די קינדערלעך,
די שפּרינגערלעך און גרילן;
זאָלן זיי פון ביכעלע
אַרויס, מיט איר זיך שפּילן.

פּרוּווט זי מאַמע איינעמען,
וויל זי איר דערקלערן;
נאָר סוזעלע איז איינגעשפּאַרט,
און וויל פון גאַרנישט הערן.

וויינט און וויינט און טענהט אַלץ,
און וויל ניט בלייבן שטיל;
כליפּעט מיד האַלב שלעפעריק;
כ׳וויל — כ׳וויל — כ׳וויל . . .

דאָ ענדיגט זיך די מעשה —
און מיט אַ גוטן סוף,
סוזעלע איז איינגעשלאָפן —
ווי אַ מידע שאָף,
איןביידע הענט דאָס ביכעלע,
און שמייכלט זיס פון שלאָף.

# פּ ע ס ע ל ע

אונדזער קליינע פּעסעלע,
איז ווי אַ שלאַנקע פלעשעלע.

מיט הענטעלעך און פיסעלעך,
ווי אויסגעטאָקטע ניסעלעך.

האַלט זיך אויפגערוימט און ציכטיק,
אויגן ווי צוויי זונען ליכטיק.

אויף שמאָלן האַלדז דאָס קעפּעלע,
ווי אין זון אויף צווייג אַן עפּעלע.

מיט גלעקלעך-קרויזן וווּנדער-שיין
און דרייט עס נאָר אויף יע און ניין.

# פריידעלע

פריידעלע איז אַ מיידעלע,
אַ ליבינקע ווי גאָלד;
סיי קליינע און סיי גרויסע
האָבן פריידלען האָלט.

צוויי ברוינע מאַנדל-אייגעלעך,
ווי לאַסטשענדיקע פייגעלעך,
און שמייכלט ליב צו יעדערן,
מיט אירע מאַנדל-אייגעלעך.

פיסעלעך מיט הענטעלעך,
ווי ווייסער פוך פון ענטעלעך;
אַן אויפגערוימטע, ציכטיקע,
ווי אַ זון אַ ליכטיקע.

האַלט זיך שיין, האַלט זיך ריין,
שרייט ניט יאָ! און שרייט ניט ניין!
אַ שטילע און אַן איידעלע,
ווי ס'פּאַסט זיך פאַר אַ מיידעלע.

## דער חלוץ

אבנר איז אַ יינגעלע —
געקומען ערשט פון ארץ;
האַלט ער זיך גאָר גרויס ביי זיך,
האָט ווינציק דרך ארץ —

פאַר יידן פון דעם גלות-לאַנד,
פאַר באָבען אָדער זיידן;
אַז ער אַליין רעדט עברית נאָר —
און פאַרשטייט ניט וואָס זיי רעדן.

און וויל נאָר מען זאָל קויפן אים
סוסים מיט עגלות,
ס׳געפעלט אים ניט ווי עס שפּילן זיך
די קינדער דאָ אין גלות.

ער וויל נאָר זייען, אַקערן,
ער וויל נאָר זיין אַ פּויער;
מיט וואָס ער כאַפּט אין האַנט אריין,
בויט ער ארץ-ישראל . . .

# דער אימיגראַנט

מאַטעלע, טאַטעלע,
קליינינקער יידעלע,
יאָרן פאַרמאַגט עס
גאַנצענע דריי.

נאָר אין קעפּעלע דרייט זיך
אַ גאַנצער יאַרידעלע,
פון וועלטן מיט צייטן,
וואָס זיינען פאַרביי.

שפּאַנט עס אַרום
מיט הענטלעך אויף הינטן,
און עס רעדט און עס רעדט —
אויף טיש און אויף בענק.

פון בריסק און דאַמאַטשעווע,
פון אויטאָס און באַנען —
פּאָליציאַנטן, מאַטראָזן,
פון שיפן אויף ימען.

פון ברײנדעלעך און צעשקעלעך,
פון אַבראַזן און קינאָס,
פּויליש און יידיש —
פאַרמישט אין איין טאָפּ.

דאָ איז עס אין דאַמאַטשעווע,
דאָ אין קאַנאַדע;
עס דרייען זיך וועלטן —
אין מאַטעלעס קאָפּ . . .

# טייבעלע

זי הייסט, זאָגט זי, טייבעלע,
טייבעלע ראָם;
און גיין גייט זי איצט —
מיט איר מאַמען אין קראָם.

— נאָר איז צו שטאַרק פאַרנומען
אויף צו רעדן אַ וואָרט;
— אַז עס וואַרטן געשעפטן
ווער ווייסט וועלכע דאָרט.

— קוקלעס און קענדים
און מאַרבלס און קרייד;
זי מוז לויפן, זיך איילן,
זי האָט ניט קיין צייט.

מיט צוויי פענים אין האַנט,
ס'איז ווער ווייסט וויפיל געלט;
— זי וועט פאַר דעם איינקויפן
אַ גאַנצענע וועלט.

# גאָלדעלע

גאָלדעלע, גאָלדעניו, גאָלד,
עס האָט דיך דיין מומעניו האָלט ;
איז זי געקומען —
דיך ניט געפונען,
גאָלדעניו, גאָלדעלע, גאָלד !

בובעלע, בובעלע, בו !
וווּ איז דאָס מיידעלע ווו ?
אין מאַמעס גרויס בעט —
ווי אַ פּישל פאַרשוווּמען,
ס'איז דאָך דיין זיידעניו
צו דיר געקומען,
בובעלע, בובעלע, בו !

זינגט זיידע אַ ניגונדל צו,
בובעלע, בובעלע, בו !
און גאָלדעלע קוועלט,
זאָגט, עס געפעלט :
בובעלע, בובעלע, בו !

# אַפּטשי! — געזונט

נתן, נתן, האָט גענאָסן,
ווי אַ ביקס וואָלט אויסגעשאָסן;

לויפן קינדערלעך דערשראָקן,
ווער אָן שיך און ווער אָן זאָקן;
ווילן וויסן, ווער און וואָס,
האָט דערלאַנגט אַזאַ מין שאָס!

אַ געפּילדער, הין און הער,
ניט קיין וואָלף און ניט קיין בער;
נאָר די מאַמע און נאָר נתן,
ווער אויף וועמען האָט געשאָסן?

ווער אויף וועמען, ווער און וואָס
האָט דערלאַנגט אַזאַ מין שאָס?

לאַכט די מאַמע, לאַכט אויך נתן,
ווער געשאָסן? וואָס געשאָסן?
דאָס האָט נתן גאָר גענאָסן,
אַפּטשי! צו־געזונט דיר נתן . . .

# מלך

מלך איז אַ יונג אַ שטיפער,
קריכט אין שניי, איז אַלץ וואָס טיפער
און וואָס ער ווייס איז אַלץ אויף זיכער.

וואו אָן אַרבעט, ער קען טאָן,
וואָס איר פרעגט אים —
אַלץ ער קאָן.

שלעפּט צוזאַמען הורבעס שניי
און ער ווייזט אייך —
איינס און צוויי.

בויט אַ פּאַלאַץ מיט אַ דאַך
און אַרום —
אַ שטרענגע וואַך.

בויט אַ פּאַלאַץ מיט אַ טראָן
און אַ קוימען —
מיט אַ פאָן.

אויפגעבויט און אָפּגעפּאַרטיקט,
פילט זיך מלך
גאָר גרויסאַרטיק.

גייט שטאָלץ פאַרביי די שטרענגע וואַך,
פון פּאַלאַץ —
און אויפן דאַך.

אויפן קוימען מיט דער פאָן
און צעקרייט זיך —
ווי אַ האָן.

## שושנהלע

וואָס קלאָגט זיך קליין שושנהלע?
און ווער ווייס וואָס איר פעלט?
פאַרכמורעטע די אייגעלעך,
זי שפילט זיך ניט, ניט קוועלט.

וואָס זוכט זי אין איר מיילעכל —
מיט די הענטלעך צוויי?
זי זוכט דאָרטן אַ ציינדעלע —
אַ ווייסינקן ווי שניי.

זי וועט אַזוי לאַנג אומזוכן,
ביז זי וועט געפינען:
און ס'וועט פון מויל דאָס סלינעלע —
אויפהערן צו רינען.

וועט זי שוין ניט וויינען מער,
נאָר שפּילן זיך און קוועלן:
וועט ווערן אַזאַ שיינינקע —
און יעדערן געפעלן.

זי וועט עפענען דאָס מיילעכל —
און ווייזן יעדן איינעם,
אַז זי האָט אַ ציינדעלע,
אַ ווייסינקן אַ שיינעם.

## רבקהלע

רבקהלע פּערל איז קליין ווי אַ שפּערל,
מיט אייגעלעך פלינקע טוט זי אַלץ זען;
פּונקט ווי די מאַמע איז זי שטענדיק פאַרנומען,
און העלפט איר כסדר מיט אַלץ וואָס זי קען.

און אַלץ וואָס זי טוט, טוט זי מיט פרייד.
העלפט מיט דער אַרבעט, העלפט איר מיט רייד;
העלפט מיטן ראַמען אין הויז און אין קיך,
און אַלץ וואָס זי טוט, טוט זי גיך.

זי לויפט און זי טאַנצט מיט טריטעלעך קליין,
און ווען טאַטע קומט אַן פון דער אַרבעט צוגיין,
נעמט זי אים אַרום מיט הענטלעך ווי פּליוש,
שפּרינגט אויף שפּיץ פינגער און גיט אים אַ קוש.

# מירעלע נעבעך

מירעלע איז קראַנק, קליין מירעלע נעבעך,
די פיסעלעך קאַלט, דאָס קעפּעלע לעבלעך:
די באָבע, די מאַמע, די פריינט און די שכנים —
זאָרגן און טראַכטן, וואָס איז איר דער קליינער?

רופט מען אַ דאָקטער, רופט מען אַ צווייטן,
דער טרעפט ניט צו, יענעם ווי גלויבט מען?
רופט מען אַ דריטן, מען רופט אַ פּראָפעסער!
נאָר מירעלען נעבעך ווערט אַלץ ניט בעסער.

דאָ קויפט מען רפואות, דאָ גיסט מען זיי אויס,
מען האַלט זי פאַרשפּאַרט אויף וואָכן אין הויז;
פאַרמאַכטע די פענצטער, פאַרשלאָסן די טיר,
מען לאָזט זיך איר נעבעך ניט געבן קיין ריר.

מען טאַפּט זי ביים קעפל, מען מעסט איר די היץ,
און מירעלע נעבעך שוויצט אַלץ און שוויצט.
זאָרגט מען און זאָרגט, וואָס זאָל עס זיין?
חלילה ניט ווערים? צי אפשר גאָר ציין?

דורך שלאָפלאָזע נעכט האָט זיך באָבע דערטראַכט,
אַוועק און מיט זיך אַזאַ סגולה געבראַכט —
אויף אַ רויטינקן בענדעלע אַ וואָלפישן צאָן —
און טוט עס דעם קינד אויפן העלדזל באַלד אָן.

און הערט נאָר אַ מעשה וואָס קען אַלץ געשען,
איך וואָלט אסור געגלויבט, ווען איך וואָלט ניט געזען;
ווי דאָס קינד נעמט דעם וואָלפצאָן אין מויל נאָר אַריין,
דערהערט זיך אַ קלאַפּן ווי פון ציינדלעך אויף ציין.

ווערט דאָך אַ טומל, ווערט אַ געררויש,
צי האָט מען געהערט, צי דוכט זיך נאָר אויס?
ביז באָבע נעמט זוכן, און טאַקע געפונען!
ציינדעלעך שפּראָצן פון מירעלעס גומען.

און גלייך איז דאָס קינד ווי גענעזן געוואָרן,
און וואַקסט אָן עין הרע אָן קיין שום חסרון;
שפּילט זיך און לאַכט, איז געזונט און איז שיין,
און ווייזט יעדן איינעם אירע ליכטיקע ציין...

# מלכהלע

מלכהלע האָט שאָף,
מלכהלע האָט רינדער;
מלכהלע האָט שפּילעכלעך
מער פון אַלע קינדער.

מלכהלע האָט אויטאָס —
מיט פייפנדיקע באַנען;
און אַ גרויסע זעגל־שיף
צו פאָרן איבער ימען.

פון וואַנען האָט עס מלכהלע
אַזאַ גרויס פאַרמעגן?
און ווער רייזט עס אום מיט איר
אויף די ווייטע וועגן?

איר זיידע מיט איר באָבעניו —
טוען מיט איר רייזן;
צו זייער ווייטן לאַנד „אַמאָל“
איר דאָרט די וואונדער ווייזן.

צו יענעם האָפן ליכטיקן,
טוען זיי אַלץ פאָרן;
דאָרט בליען סעדער אין דער זון,
פון די קינדער־יאָרן.

# נחום

ס׳וואַקסט ביי אונז דער קליינער נחום,
אָן עין־הרע אַ גרויסער חכם.

אַזאַ חכם אַזאַ גרויסער,
אַז אַלץ קען ער און אַלץ ווייס ער.

גרויס איז ער צוויי פערטל איילן
און האָט ליב מעשיות צו דערציילן.

און ווער רעדט נאָך מעשיות הערן,
וואָלט ער קיין מאָל מיד ניט ווערן.

פון קליינע הײַזעלעך אין פעלדער,
ביז גזלנים אין די וועלדער.

ביז גרויסע ווייסע צפון־בערן,
נאָר דערציילן און נאָר הערן.

וואונדער אין די רונדע אויגן,
דעם קאָפּ אויף הענטלעך אָנגעבויגן.

אָנגעלענט מיט הענט אויף קניען,
און רעיונות פליען, פליען.

פון די העכסטע שפּיצן־הויכן,
ביז די דינסטע קוימען־רויכן.

ביז די טיפסטע שוואַרצסטע הײלן —
אַלץ וואָס מעשהלעך דערציילן...

## שלמהלע

שלמהלע האָט מילד-ברוינע אויגן,
מיט שוואַרצע געלאָקטע האָר;
שלמהלע זאָגט אויף יידיש: גוט מאָרגן,
שלמהלע זאָגט אויף יידיש: גוט יאָר.

שלמהלע איז שיין און איז פריידיק,
ווי דער הימל אין זוניקער שעה;
ער שפּילט זיך שיין מיט זיינע אַלע חברים,
און זאָגט זיי אויף ענגליש „העלאָ"

ווען עס צעלויפן פון שפּיל זיך די קינדער,
בלייבט שלמהלע זיצן אַליין;
ס'קעפּעלע בויגט ער אַרונטער,
און וויגט זיך ווי אַ בלימעלע שיין.

ער קוקט זיך, פאַרטראַכטער און מידער,
צום שלאָפלאַנד און חלומלאַנד איין;
ביז די מאַמע מיט צערטלעכע אָרעמס,
לייגט אים אין וויגל אַריין.

## שיפרהלע

שיף - אַ שיף - אַ שיפרהלע,
אַ מיידעלע אַ שטיפּערקע;
אַ מיידעלע אַ שרעטעלע,
אין אַ גרויסן בעטעלע.

ס'האָט קיין אויסזען פון אַ מיידל,
כאָטש מאַמע פוצט עס אין אַ קליידל;
לאַכט מען פון דעם „אינגל - פינגל",
קלאַפּט עס אונטער מיטן צינגל.

דער קאָפּ קיין רונדער עפּעלע —
אַ גלאַנציקער האַרבוזיקל;
און ס'זאָרגט זיך ניט,
און ס'שעמט זיך ניט,
נאָר ס'קוועלט, דאָס קאַראַפּוזיקל.

ניט איר אַרט און ניט איר שאַדט עס,
גאָר ניט ווי פון איר מען רעדט עס;
נאָר געשוועבט און נאָר געפלויגן,
און געזשמורקעט מיט די אויגן.

און די אויגן — ס'אַ אויגן!
נאָר צעפּודלט און צעפלויגן;
קענסט מיט זיי קיין זאַך ניט מאַכן,
נאָר זיי דרייען זיך און לאַכן.

אַז אַלץ איז ניי און אַלץ איז וווּנדער,
ס'איז קיין קינד ווי אַלע קינדער;
הענט און פיסלעך אין דער לופט,
נאָר עס כאַפּט און נאָר עס זוכט.

שיף - אַ שיף - אַ שיפרהלע,
אַ מיידעלע אַ שטיפּערקע;
אַ מיידעלע אַ שרעטעלע,
אין אַ גרויסן בעטעלע.

# עטעלע מיט אירע שפּילעכלעך

עס ליגט נעבעך עטעלע, קראַנק אין איר בעטעלע,
און קאָן נישט פֿון בעטל אַרויס;
ווי קאָן זי צוזען די צרות די גרויסע,
וואָס טוען זיך אָפּ אין איר הויז.

איר טייערסטע ליאַלקעלע ליגט אויף דער ערד,
ליגט מיטן פּנים אַראָפּ;
איר וועלפּעלע האָט זיך צעקריגט מיטן שעפּס
און האָט אים צעבראָכן דעם קאָפּ.

דאָס הינטעלע האָט זיך געיאָגט נאָך דער קאַץ,
האָט די קאַץ אין איר שוך זיך באַהאַלטן,
אירע בהמהלעך זיינען פֿאַרקראָכן אין שאַדן,
און פֿאַרשלעפּט דאָרט דאָס בערעלע דעם אַלטן.

שטייט אויף קליינע עטעלע, ווערט באַלד געזונט,
הויבט אויף איר ליאַלקעלע, שרייט אויפֿן הונט;
רעדט צו זיי אַלע און שטראָפֿט זיי אין קאָן,
פֿרעגט: ווי קאָן מען עס גאָר אַזוי טאָן?

נישט שיין פֿון דיר, וועלפּעלע, און דו שלעכטער בער,
מען זאָל נישט קאָנען פֿאַרלאָזן זיך פֿון דאַנען אַהער,
קוקן אַלע אויף עטעלען מיט אויגן אַראָפּ,
און צעוויינען זיך אַלע מיט טרערן ווי באָב.

האָט עטעלע חרטה וואָס זי האָט זיי פֿאַרשעמט,
קלייבט זיי צענויף צו זיך אויף די הענט;
זי וועט זיי מער קיינמאָל נישט לאָזן אַליין,
זי וועט זיי שוין היטן, אירע שפּילעכלעך קליין.

## ווי דער טאַטע

װעלװעלע גייט תמיד
נאָר ווו זיין טאַטע גייט;
און ווי ער טרעט אַריבער אַ שוועל,
בעט ער באַלד: ברויט!
אויך פונקט ווי דער טאַטע
האָט ער ליב ביכער,
ער לייענט נאָך ווינציק,
אָבער שטענדיק אַ זוכער.
זיין טאַטע שרייבט לידער,
פּרוּווט ער אויך גראַמען;
זאָגט אים ווער אונטער —
מסר'ט ער פאַר דער מאַמען.
און טאַקע אין דער אמת'ן,
צו וואָס אים פאַרשעמען?
אַז ער וועט אויסוואַקסן ווי דער טאַטע,
וועט ער אויך אַזוי קענען.
היינט צי איז עס אַ מעלה,
צי חלילה אַ פעלער?
ער האָט נאָר האָלט דעם קלאַנג
פון געבראָכענע טעלער;
אַז איידער די מאַמע
שרייט אויס: ניטע!
ליגן צוויי שוין צעבראָכן
און עס פאַלט באַלד אַ דריטע.
קויפט מען אים אַ פידל
מיט אַ דינינקן בויגן,
קוקט ער אויף דעם
מיט גלייכגילטיקע אויגן;
קויפט מען אים אַ פּיאַנע
אַ קליינס, פאַר אַ שפּילכל,
ווערט ער אויך ניט נתפּעל —
ער זאָגט, אַז עס הילכט ניט.
אַז קלאַפּן און בראַזגען,
וויל ער נאָר הערן;
היינט װעלװעלע, זאָג,
וואָס וועט פון דיר ווערן?
נאָר נאָכטאָן דעם טאַטן
און ניט פאָלגן דער מאַמען,
טאָ וואָס פאַר אַ לידער
וועסטו פאַר אונדז גראַמען?

# דערציילט אין פריידן

געווען איז אונדזער יאָסעלע
גאָר נישט קיין לייט,
אָדער ער וויינט,
אָדער ער שרייט.

געווען ביי אים צייטן,
ווען ער האָט געלאַכט און געלאַכט,
און עס האָט אָפט אויך געטראָפן,
אַז ער פלעגט ניט שלאָפן ביינאַכט.

נאָר איצט איז שוין יאָסל,
אַ גאַנצענער לייט —
נישט ער וויינט,
נישט ער שרייט.

ער שפּילט זיך בייטאָג,
און שלאָפט גוט ביינאַכט,
איצט איז שוין יאָסל,
אַ מענטש האַלב פון אַכט.

## נאָר וואָס פון פוילן

מאַטעלע, מאַטעלע,
לאַנגע קאַפּאָטעלע,
פון וואַנען, זאָגט
קומט עס אַ ייד?

מיט פּיס, ווי די שטרויעלעך,
שוואַרצינקע פּאַהלעך,
אויגן פאַרחלומטע צוויי.

אַז עס שווייגט, שווייגט עס שטיל,
אַז עס רעדט — רעדט עס פיל,
אַ צינגל — אַ גאַנצער יאַריד...

דאָ פאַרקוקט זיך עס אומעטיק,
דאָ צערעדט זיך עס פלאַפּלענדיק;
נאָר וואָס פון פוילן, אַ ייד.

## מאַטל קאַפּאָטל

מאַטל, קאַפּאָטל
איז אַ יינגל אַ פּלוט,
פרעגט זיך אַ פראַגע,
וואָס וועט מיט אים זיין?

ווען ער איז גוט —
איז ער זייער גוט,
פאַלט אים אָבער איין
אַ שלעכטער צו זיין —

איז ער אַזוי שלעכט,
אַז ס׳קאָן ערגער נישט זיין.

# עטעלע און איך מיט מיין ברעטעלע

איך האָב אַ שוועסטער עטעלע,
ליגט זי אין איר בעטעלע,
ווי אַ קליינער שרעטעלע, —
און רעדט און רעדט און רעדט.

און איך איר גרויסער ברודערל
ביי דעם זייט פון בעטעלע,
שפּיל זיך מיט אַ ברעטעלע
איינינקער אַליין.

און וואָס די קליינע עטעלע
רעדט דאָרט אין איר בעטעלע,
קאָן איך נישט פאַרשטיין . . .

פאַרשטיין, פאַרשטייט די מאַמע נאָר,
פאַר איר איז יעדער וואָרט אירס קלאָר,
פאַר מאַמע נאָר אַליין.

איך ביים זייט פון בעטעלע,
רעד מיר צו מיין ברעטעלע,
רעדן איז פאַראַן פון וואָס, —
רעדן מיר אַזוי.

פון דער באָבען, וואָס זי ברענגט,
ווען זי קומט צוגיין.
פון שטיבעלעך, וואָס מען בויט אַליין,
פון זאַכן קליין און גרויס.

און וואָס עטל רעדט אין בעטל דאָרט
הערן מיר נישט אויס.

נישט איך און נישט מיין ברעטעלע
וויסן, וואָס ס׳רעדט עטעלע, —
מיר זיינען שוין צו גרויס . . .

## פון באַרג

אַ טאָל מיט שטיבעלעך,
אַ וועלט מיט פענצטערלעך,
אַ הימל ליגט אין טאָל —
מיליאָנען שטערנדלעך.

און איך אַ קליינינקע,
אויף אַ הויכן באַרג,
קלייב אויס מיין שטיבעלע,
קלייב אויס מיין פענצטערל,
אין טאָל אין הימל דאָרט —
דעם קלענסטן שטערנדל.

און לאָז זיך באַרג אַראָפּ,
פריילעך, — שפּרינגענדיק,
נאָך אַ טאָג פון שפּיל,
אויף דער נאַכט אַהיים.

## אַזוי שיין !

אַזוי שיין, אַזוי שיין!
די נאַכט וועט אייביק אַזוי שטיין.

צוגעבונדן מיט אַ שלייף
אין אַ גאָלדענעם רייף.

דעם גאַנצן הימל פאַרכאַפּט,
מיט מיליאָנען שטערן צוגעקלאַפּט.

אַזוי שיין, אַזוי שיין!
די נאַכט וועט אייביק אַזוי שטיין!



## פרילינג - סודות

אין איר געלן היטעלע,
אין איר גרינעם קלייד,
מיט איר ריינסטן פאַרטוכל,
האָט זי זיך פאַרשפּרייט.

צום ווינט וואָס קומט פון צפון
אויסגעדרייט דעם קאָפּ,
אַ פּאָר מאָל זיך פאַרנייגט פאַר אים —
אַרויף און אַראָפּ.

צו דער זון אַרויפגעקוקט —
צום זייט זיך אויסגעדרייט,
און איינגערוימט איר שכנה:
דער ווינטער איז טויט...

## דער ווינט

דער ווינט איז אַ געניטער שניידער,
מיט שער און נאָדל אין דער האַנט:
און די ערד די אויסגעשפּרייטע,
איז זיין איידעלער געוואַנט.

זיין גלאַנציקע נאָדל איז דער רעגן,
שטעפּט די ערד מיט שטעכלעך דין:
שטעפּט אויף טייכן, שטעפּט אויף וועגן,
שטעפּט אויף פעלדער ליכטיק גרין.

שטעפּט און העפט, מיט שטעכלעך קליינע,
אַט אַזוי, און אַט אַזוי,
נייט דעם פרילינג קליידער שיינע,
פון קאָלירן אַלערליי.

אָפּגעמאָסטן, צוגעשניטן,
צוגעקניפּט און אָפּגעשאָרן,
מיט רעגן-נאָדל אויסגעצאַקט,
אַלע פּאַסיקע אוזאָרן.

## גנבים

טווי־אַהין,
טווי־אַהער,
אין קאַרשנבוים —
געוועזן איז ווער.

גנבים קליינע,
מיט פליגלען צוויי;
גרויסע פרעסער —
זיינען זיי.

— — — — — — —

קיין קאַרש געבליבן
איז פאַר מיר,
שלעכטע - שלעכטע,
טשיר א וויר! . . .





## פלי פייגעלע, פלי

פייגעלע, פייגעלע,
פלי גיכער אהיים,
דיין נעסטעלע ברענט,
דיינע קינדער — אליין!

ברענג מיט זיך וואסער,
טראפנדלעך טוי, —
די זוניקע פלאמען,
דארט ברענען אזוי!

און עס וויגט זיך די נעסט
אין די פלאמען דארט אום,
א צעשראקענע בין
רופט נאך הילף מיט איר זשום:

דיינע קינדעלעך וויינען,
טווי טווי און טווי טווי!
דיין נעסט אין סכנה,
פלי פייגעלע, פלי!

# שטאָפּעטן

איך האָב עס געהערט אין פעלד,
איך האָב עס געהערט אין טאָל;
דער פרילינג קומט, קינדער —
קומט ווידער אַמאָל!

איך האָב עס געהערט אין ווינט,
אַרום די פליגל פון מיל;
און צווישן די ביימער
וואָס שטייען נאַקעט און שטיל.

איך האָב עס געהערט ביים טייך,
אין ברוינעם וואַסער־ברויז;
און אין טרוקענעם וויינריב —
אַרום די ווענט פון הויז.

איך הער זיינע טריט,
ער קומט! ער קומט צוגיין!
ס׳איז אמת, אמת קינדער!
איך הער עס אין זיך אַליין...

## זינגען זיי אַ זמרל

אויף אַ בוים אַ נאַקעטן,
שפּרינגען, טאַנצן פֿייגעלעך,
פּאַכן מיט די פֿליגעלעך —
פֿינטלען מיט די אייגעלעך —

זינגען זיי אַ זמרל,
עס צעגייען שנייעלעך,
בויען מיר אַ נעסטעלע —
לייגן מיר דאָרט אייעלעך.

זינגען זיי אַ זמרל:
פֿינטלען מיט די אייגעלעך.
וועלן פֿון די אייעלעך
ווערן יונגע פֿייגעלעך.

וועלן בלעטער אויסוואַקסן,
גרין מאַכן דאָס ביימעלע,
וועלן יונגע פֿייגעלעך —
דערפֿרייען אונזער היימעלע.

## הער אויף, רעגנדל!

ווייזט זיך אַ וואָלקן,
טוקט זיך די זון,
דרייט זיך דער ווינט
צווישן ביימער אַרום.

אַ רעגנדל אַ קליינער,
הויבט אָן צו גיין —
איילט זיך אַ פֿייגעלע
גיכער אַהיים.

וואַרטן אין נעסטעלע
קינדערלעך פֿיר —
זאָל נאָר דער שטורעם
ניט שאַדן דאָרט איר.

רעגנדל, רעגנדל,
הער אויף צו גיין,
לאָז ס'פֿייגעלע קומען
בשלום אַהיים.



## די וועלט וועט אַזאַ שיינע זיין

טריפן טראָפנס רעגן,
זויגן אַלע בלעטער;
צו די וואָס וואַקסן אונטן
קומט דער רעגן שפּעטער.

אַזוי שיין זיינען די קלאַנגען,
ווען די בלעטער זויגן.
אַזוי גרין זיינען די בלעטער,
אַ חיות פאַר די אויגן.

וועט דער רעגן אויפהערן,
וועלן בלעטער זאַטע זיין;
וועט די זון אויפלויכטן,
טריקענען זיי מיט איר שיין.

זון אויף טראָפנס רעגן,
און אַ רעגנבויגן;
די וועלט וועט אַזאַ שיינע זיין,
אַ חיות פאַר די אויגן.

# צום מולד

שפּאַרסט זיך אָפּ ריין זילבער,
פון איין חודש צום צווייטן;
און איין קליין שטערנדל
אויף דיך צו באַגלייטן.

מיט אַ ריינעם הימל —
ווו צו גיין און ליגן;
און דאָס קליינע שטערנדל
אויף דיך צו פאַרוויגן.

און אַ ווייס וואָלקנדל,
מיט וואָס זיך צוצודעקן;
און אַ שטילע נאַכט,
זאָל דיך פון שלאָף ניט וועקן.

# דער בוים

אין מיטן פעלד איז אַ בוים געוואַקסן,
אַ גרויסער אַלטער בוים,
איז אַמאָל אַ בליץ געקומען,
מיט זײַנע פֿײַערדיקע הענט —
דעם בוים אַרומגענומען
און אים פֿאַרברענט.
נאָר דער שטאַם פֿון בוים איז געבליבן שטיין,
נאַקעט, שטום און פֿאַרלאָזן,
ניט קיין צווײַג אים צו באַשיצן ,
ניט קיין אײנציק בלעטל —
האָט דער בליץ אויף אים געלאָזן.
און ווען די שטאַרקסטע ווינטן
האָבן איבער אים געבלאָזן,
האָט ער זיך ניט דערלאַנגט קיין ריר.
נאָר אַרום אים די גראָזן —
האָבן זיך געוויגט אויף הין און צוריק,
באַדויערט זייער אַלטן שטאָלצן שכן,
מיט זײַן שטאַר־פֿאַרגליווערטן בליק.

אַזוי איז טאָג נאָך טאָג געגאַנגען,
וואָך נאָך וואָך געלאָפֿן,
ביז דער ווינטער איז געקומען,
און בוים און גראָז איז אײַנגעשלאָפֿן.
און אַז פֿרילינג איז געקומען,
און גראָז און וואַלד אויפֿגעוועקט,
איז דער אַלטער בוים געשטאַנען,
מיט צווײ נײַע צווײַגן —
צום הימל אויסגעשטרעקט.
האָבן גראָזן אָפּוווּנדערן זיך ניט געקענט,
פֿון גאָטס וווּנדער צווישן זיך גערעדט,
און דער בוים האָט אַלץ העכער געהויבן זײַנע הענט,
שטום, און סודותדיק, געהויבן אין געבעט.

## סוף זומער

דער זומער האָט אויסגעזונגען זיינע אַלע לידער,
און רוט אוים ביים טייך זיינע מידע גלידער.

פעלד קעגן זון מיט זאַנגען און גאַרבן,
עס שפיגלט אין טייך דער קליאַן זיינע פאַרבן.

דער טייך, אַ בלאַנקער, גלאַטער שפיגל,
דרימלט, פאַרחלומט אונטער וואַלדיקן פליגל.

ציען זיך צווייגן דינער און שמעלער,
און עס פאַלט אויפן שפיגל אַ בלאַט אַ געלער.

אַ בלאַט אַ רויטער, אַ בלאַט אַ געלער,
און ס'צעברעכט זיך דער טייך אויף זילבערנע טעלער.

און די זון ווי אַ גאָלדענער עפּל אַ געלער,
וויגט זיך אין טייך אויף זילבערנע טעלער.

און איבערן טייך, און איבערן בריק,
האָט האַרבסט פאַרוואָרפן זיינע גאָלדענע שטריק.

## זון - שפּיל

מיט אַמאָל אַ ווינטער
און אַ ווייסע וועלט;
נאָר די קעלט איז ניט
קיין ווינטערדיקע קעלט.

פון דער זון אַ שפּיל,
אַ קאַפּריז אַ ווייסער;
ס'האָט זיך איר געחלומט —
אַזאַ שיינע מעשה.

ווילֿ זי עס דערציילן,
פונקט ווי איר געפעלט;
ווילֿ זי עס צעשפּרייטן
איבער גאָר דער וועלט.

פאַרציט זי זילבער - נעצן,
צווישן בערג און הימל;
הענגט אָןביימער ליכטעלעך —
ווייסינקע אין דרימל.

וואַרפט אין שויבן שטערנדלעך,
דימענטן מיליאָסן;
באַשיט מיט ווייסע פעדערלעך
קינדער אין די גאַסן.

טאַנצן אום די קינדערלעך,
פרייען זיך און לאַכן;
די זון האָט פולע קעשענעס —
מיט וואונדערלעכע זאַכן . . .

## יונג - ווינטער

נעסט אויף צווייגן שוין פאַרלאָזן,
און אויף גרינעם פון די גראָזן
האָט אַ שניי ווי ווייסע בליטן,
זיך צעשפרייט און זיך צעבלאָזן.

אין געפלי, ווי פוך פון גענדז,
דינע ליכטעלעך ווי פרענדז —
אָנגעקלעפטע אָן די צווייגן,
הענגען ציטעריק און שווייגן.

פאַרזיכטיק נאָר זיי, דו זון,
האַלט היינט דיינע שטראַלן איין;
לאָז דעם יונגן ווייסן שניי,
פון די פעלדער ניט צעגיין.

היט זיך ווינט, ניט גיב קיין בלאָז
די דינע ליכטעלעך פון גלאָז,
לאָז זיי הענגען אויף די צווייגן,
לאָז זיי חלומען און שווייגן.

# שנייעלעך איר ווייסע

שנייעלעך איר ווייסע,
וווהין וועט איר פאַלן?
אויף פויערם שטילע דעכער,
איבער שאָף אין שטאַלן.

שנייעלעך איר ווייסע,
וווּ וועט איר זיך לייגן?
אויף ליכטיק-שיינע ברעמען
פון קינדערישע אויגן.

שנייעלעך איר ווייסע,
וואָס וועט איר דערציילן?
אַזאַ שיינע מעשה,
פון בערן אין די היילן.

אַזאַ וווּנדער-מעשה,
פון אַ ווייסן כּישוף,
וואָס נעמט אַרום די שטיבעלעך
פון אַן אַלטן ישוב.

און רעדט אַרויס דורך קוימענס,
פון שטרוי-באַדעקטע דעכער;
מיט בלויען זילבער-רויך,
ווי אַ כּישוף-פּעכער.

## צווייערליי ווינטערס

ווען ווינטער ס'איז אַ בייזער,
מײנער איז אַ מילדער;
ווען ווינטער פֿרירט און גליווערט,
מײנער מאָלט מיר בילדער.

ווען ווינטער שרעקט די פֿייגל —
הושעט זיי אין גלות;
מײנער ברענגט זיי מיר צוריק,
אין זײַנע ווייסע פּאַלעס.

ווען ווינטער־זון זעט אויס,
ווי פֿענצטער פֿון שפּיטאָלן;
און מיר לויכט זי אויפֿן באָרג —
מיט דימענט און קרישטאָלן.

פֿאַר ווענען ביימער, אַלטע לײַט,
אין האָריק־ווייסע היטלען;
און מיך רופֿן זיי צום שפּיל,
ווינקען דורך די שויבן.

ווער עס כוטעט זיך פֿון קעלט,
אין פֿוטערס און אין שאַלן;
און איך שפּרייט אויס די הענט און וואַרט —
דער שניי זאָל אויף מיר פֿאַלן.

## אַ פישעלע

אויף אַ קליינעם טישעלע,
שטייט אַ בלויע שיסעלע,
אין דעם בלויען שיסעלע,
שווימט אַ גאָלדן פישעלע.

שווימט און שווימט דאָס פישעלע,
דרייט אום מיטן עקעלע,
עפנט אויף דאָס מיילעכל,
זוכט און זוכט אַ ברעקעלע.

וואַרף איך אים אַ ברעקעלע
פון מיין פרישן בייגעלע,
טרעף איך מיטן ברעקעלע,
ניט אין מויל — אין אייגעלע . . .

## אין גרינעם געצעלט

בלימעלעך בליען,
פליגעלעך פליען,
בינעלעך ברומען,
וואַסערלעך זשומען.

פייגעלעך זינגען,
העזעלעך שפרינגען,
גרילעכלעך גרילן,
קינדערלעך שפילן.

אַרבעטן אַלע
אין גרינעם געצעלט, —
העלפט יעדער איינער
דערפרייען די וועלט.

## אַ בלומען-פעלד

געל און געל און געל,
זוניק, גאָלדן, געל,
אויף אַ פעלד פון גרין,
גראָזן, זיידן, דין.

וויגן ווינטן פעלד,
וויגט זיך גאָלד און גרין,
נייגן בלומען קעפ
צווישן גראָזן-דין.

און אַ טייך דערביי,
וויגט זיך הער און הין,
שפיגלט אָפּ אַ וועלט —
זוניק, גאָלד און גרין.

## ווי אַ שלעפעריק קינד

קליין געל בלימעלע,
ס'לעצטע אין פעלד;
דיין קעפעלע געבויגן,
פון רעגן און קעלט.

עס האָבן דיך זונען געקושט,
עס האָבן דיך ווינטן געגלעט;
ביזטו פון שפּילן שוין מיד,
ציסט זיך צו מאַמען אין בעט.

אַלע בלימעלעך קליין,
זיינען שוין שלאָפן געגאַנגען;
נאָר דו האָסט זיך לענגער פאַרשפּילט,
פאַרקוקט זיך אויף פעלדער אָן זאַנגען.

פאַרכמורעט און מיד, ווי אַ שלעפריק קינד,
שטייסטו און וואַרטסט אויפן סוף;
קומט דער ווינט, וויגט דיך און זינגט,
שלאָף איין, מיט אַ זיסינקן שלאָף.

## די נאַכט

שטיל און פרום,
שטיל און פרום,
גייט די נאַכט
אַזוי אַרום.

נאָר די גרילן,
גרילן, גרילן,
נאָר די שטערן
פינקלען, שפילן.

נאָר אין טייכן
פון אַרום,
קוואַקען זשאַבעס
שטיל און פרום.

נאָר פון וואַלד
די שאָטנס פאַלן,
אויף די בערג
און אויף די טאָלן.

און די לבנה
אין איר פראַכט,
שפּאַנט אַרום
און היט די נאַכט.

## דער חודש מאַי

בלומען אין די גראָזן,
פֿייגל אין דיביימער,
מילדע ווינטן בלאָזן,
דער הימל אַזאַ ריינער.

רעגנס גייען, קומען —
טוי אויף גראָז און בלומען,
טייכן פֿליסן — זילבער — קלאַנג,
דער וואַלד צעגיסט זיך
אין לויב־געזאַנג,
פֿאַרן גאַסט וואָס איז געקומען.

בליען ביימער אויף דאָס ניי,
גרינקייט שפּרייט זיך ברייט און פֿריי,
וואו מען פֿירט דאָס אויג, פֿאַרביי —
באַגעגנט מען דעם חודש מאַי.

## הענדעלע

הענדעלע, הענדעלע
קעמעלע רויט,
איך האָב פאַר דיר קערנדלעך,
ברעקלעך פון ברויט.

גיב מיר אַ פעדערל,
גיב מיר צוויי,
וועק מיך צום אויפשטיין,
גיב מיר אַ קריי!

## הינדעלע

הינדעלע, הינדעלע,
קוואָ—קוואָ—קוואָ—!
ווו איז דיין נעסטעלע?
אָט—אָ—דאָ—!

וואָס זיצטסטו אין נעסטעלע
און שרייסט אַזוי?
דאָס זאָג איך אָן די נייס,
אַז איך האָב פאַר דיר אַן איי!

## בע, בע, שעפּסעלע

בע, בע, קליין שעפּסעלע,
האָסטו וואָל פאַר מיר?
— יאָ מיין קינד, יאָ מיין קינד,
גאַנצע זעקלעך, פיר.

איינס פאַר מיין באַלעבאָס,
— איין זעקעלע פאַר דיר,
און צוויי פאַר מיין פּאַסטעכל,
ווייל ער איז גוט צו מיר.

## בינעלע

בינעלע, בינעלע,
זשום, זשום, זשום!
תמיד אין אײלעניש
פליסטו אַרום.

שטעל זיך אָפּ אַוויילינקע,
נישט זיי אַזוי בייז;
דו גיסט דאָך מיר דיין האָניק
פון דער שמעקעדיקער רויז.

## באַלד וועט שנייען

גרויע וואָלקנס קומען אָן,
באַלד, אָט באַלד וועט שנייען,
קאַלטע ווינטן קומען אָן,
וועלן שניי צעווייען.

קליינע קינדער קומען אָן,
טאַנצן מיט די שנייען,
קליינע קינדער קומען אָן,
מיטן שניי זיך פרייען . . .

## פרילינג וועט קומען

דער ווינטער גייט אַפּ,
דרייט מיטן קאָפּ,
פאַלן די שנייעלעך —
ווייסע אַראָפּ.

אין אַ הייל אין אַ וואַלד,
וועט ער איינשלאָפן באַלד,
און פרילינג וועט קומען
צוריק פון דעם וואַלד.

## דאָס געוועט

עס האָט מיט נאַכט אַ פייגעלע
זיך אין געוועט געשטעלט;
אַז ס׳וועט אַליין ברענגען ליכט
צו דער גאַנצער וועלט.

אויפן שפּיץ פון בוים,
מיט זיין זיסטן קול;
האָט זיך עס צעזונגען
איבער באַרג און טאָל.

געזונגען און דערציילט
פון זיין גרויס געוועט;
ביז עס האָבן פייגעלעך
דערהערט ביי זיך אין בעט.

און האָבן זיך צעזונגען
און האָבן זיך צערעדט;
און אויפגעוועקט די זון,
פון איר טיפן בעט . . .

## אַ פייגעלע

אַ פייגעלע מיט אַ געלן שנעבעלע,
זינגט אין פענצטער ביי מיין בעט,
ווינקט איר אייגעלע צו מיר;
שעם זיך שלאָפן אַזוי שפּעט!

## דער מאָלער

גייט דער ווינטער אַרום
אָן אַ שאַרך, אָן אַ זשום,
מיט אַ פּינדזל אין האַנט,
מאָלט און ווייסט אומעטום.

ווערן וועגעלעך גלאַט,
שלאָפן טייכעלעך איין,
וויקלט אַלץ זיך אַרום
אין אַ זילבערנעם שיין.

גייט דער ווינטער אַרום,
מאָלט און ווייסט אומעטום,
אומגעזען, פון אַ זייט —
און די וועלט — ווערט באַנייט.

## אַ ווינטער-הימל

אַ גאַנצן טאָג געזילבערט
מיט זילבער-שניי דורך זיפּן,
גרינע דימענט-שטערן
איינגעהעפט אין שניי ;

די זון איז אָפּגעפאָרן,
אויף אַ רויטן שליטן,
הינטער וויטן באַרג,
אויף פייער-וואָלקנס צוויי.

אַ גרויע הון, דער הימל,
מיט אַראָפּגעלאָזטע פליגל,
דעקט איין און נעמט אַרום,
די ערד, איר ווייסע איי . . .

## פֿאַר אַ רעגן

אומעטיקער דרויסן,
פֿייגל איילִיק שוועבן;
שאָטנדיקע שטילקייט,
ביימער פֿאַר אַ רעגן.

שטורעם שפּאַנט פֿון ווייטן,
דורך פֿאַרשטויבטע וועגן;
ס׳וועט דער בוים זיין קאָפּ,
דעם רעגן איצט אָפּגעבן.

## דער האַרבסט

עס ציטערן פֿון קעלט די גראָזן,
עס טוליען זיך די בלומען,
עס פֿאַלן בלעטער צו דער ערד —
עס איז דער האַרבסט געקומען.

זאַפּט די ערד אין זיך אַריין
בלעטער, גראָז און בלומען —
און וועט אונדז אַלץ צוריקגעבן,
אַז פֿרילינג וועט נאָר קומען.

## אַ שניי - מענטש

עס האָבן קינדער געמאַכט
אַ מענטש פון שניי,
מיט הענט, פיס און נאָז,
מיט שוואַרצע אויגן צוויי.

באַגאָסן מיט וואַסער,
פאַרשטייפט און פאַרפראָרן —
געמיינט ער וועט זיין מיט זיי
יאָרן און יאָרן.

אַמאָל אין אַ נאַכט
האָט אָט וואָס געטראָפן;
ווינטן פון דרום —
זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן,
פאַרטריבן די ווינטן,
וואָס קומען פון צפון.

און דער ווינטער — פאַר מורא
האָט זיך צעוויינט און אַנטלאָפן,
דער שניי-מענטש נאָך אים
איז געלאָפן, געלאָפן,
געוואָלט זען, וואָס אַזוינס
האָט מיטן ווינטער געטראָפן:

— ווער ווייסט וויפיל דער שאָדן
פון אַזאַ נאַכט האָט באַטראָפן,
אי שניי-מענטש, אי ווינטער —
פון די קינדער אַנטלאָפן . . .



## איך וואָלט וועלן וויסן

דאָס בלויע אויבן רופט מאַמע הימל,
און די פייערלעך רופט זי שטערן;
אַז איך פרעג זי ווער עס צינדט זיי אָן,
זאָגט זי: וואַרט ועסט עלטער ווערן.

כ׳וואָלט וועלן וויסן פאַרוואָס דער הימל
איז ניט שטענדיק שטיל און בלוי?
איך זע דאָרט אָפטער ריזן-חיות
יאָגן איינס נאָך איינס אַזוי.

די מאַמע זאָגט, מען רופט עס וואָלקנס,
די מאַמע זאָגט, דו ביזט נאָך קליין;
איך וואָלט וועלן וויסן ווער עס צינדט די שטערן
און צי לעשן זיי זיך אוים אַליין.

## כ׳וואָלט וועלן זיין

כ׳וואָלט וועלן זיין, כ׳וואָלט וועלן זיין,
כ׳וואָלט וועלן זיין אַ האָז;
און נאָכלויפן נאָך העזעלעך —
וואָס שפּרינגען אום אין גראָז.

כ׳וואָלט וועלן זיין אַ יעגער,
מיט הינט און ביקסן פיר,
און מאַכן אַלע חיות
זאָלן ציטערן פאַר מיר.

כ׳וואָלט וועלן זיין אַ זיידע,
מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד,
און אומגיין מיט אַ שטעקעלע —
קוים רירן זיך פון אָרט.

כ׳וואָלט וועלן זיין אַ שרייבער,
מיט ברילן אויפן נאָז,
כ׳וואָלט וועלן זיין,
כ׳וואָלט וועלן זיין,
אַ — כ׳ווייס אַליין ניט וואָס.

כ׳וואָלט וועלן זיין אַ פליער,
און פליען מיטן ווינט:
און מאַמע זאָגט זי וויל גאָר —
איך זאָל זיין אַ גוטער קינד . . .

## לאָמיר כאַפּן די לבנה

לאָמיר לויפן קינדער
אַלע אין גאַלאָפּ!
זעט ווי די לבנה
פאַלט דאָרטן אַראָפּ!

אָט האָט זי זיך פאַרהאַלטן
אָן צווייגן פון אַ בוים,
מיר וועלן זי דערלאַנגען
און ברענגען זי אַהיים.

פאַרמאַכן אַלע לאָדן,
פאַרשליסן שטאַרק די טיר,
און מיר אַלע קינדער
זיך זעצן אַרום איר.

און אַז זי וועט זען אונדז,
זיצן שטיל און וואויל,
וועט זי זיך צעלאַכן
און עפענען איר מויל.

וועט רעדן צו אונדז אַלע,
און שמייכלענדיק באַפעלן;
מיר זאָלן שטיל נאָר האָרכן,
זי וועט מעשיות אונדז דערציילן.

און די וועלט אַ בלינדע,
וועט טאַפּנדיק אומגיין,
קומען צו אונדזער שטיבל
פאַרוואונדערט בלייבן שטיין . . .

און מיט קאַלטע פינגער
קלאַפּן אונדז אין טיר,
בעטן: קינדער עפנט אויף! —
גיט די לבנה מיר!

מיר וועלן זיך נישט איילן,
נאָר זיצן אומגעשטערט,
ביז מיר וועלן האָבן
אַלע מעשיות אויסגעהערט.

זיך שפּילן מיט לבנה
ביז נאָר אונז געפעלט,
און מיט גדלות אָפּגעבן
צוריק דער בלינדער וועלט.

לאָמיר לויפן קינדער
אַלע אין גאַלאָפּ,
דערלאַנגען די לבנה —
זעט, זי פאַלט אַראָפּ!

## וועמען קומט דער דאַנק?

איך וויים נישט ווער איז צום ערשטן געקומען?
די זון, דער פויגל, דאָס גראָז, צי די בלומען?
וועלכער פון אייך האָט געבראַכט דאָס געשאַנק,
וועלכן פון אייך איך קום אַזאַ דאַנק?

וועלכער פון אייך האָט דעם זומער געבראַכט?
צוליב וועלכן פון אייך האָט מען דעם יום־טוב געמאַכט
און מיך באַפרייט פון לערנען און שרייבן,
און אויב איר האָט עס אַלע געבראַכט
בעט איך אייך אַלע דאָ צו פאַרבלייבן.

## פיראַטן

שטייט דער אָנבייסן שוין פאַרטיק,
און דער זייגער האַלב נאָך אַכט,
נאָר יאָסעלע איז שטאַרק פאַרנומען, —
ביי אים איז איצטער האַלבע נאַכט.

אַלע זעלנער אויסגעשטעלטע
מיט די וואָפן אין די הענט,
און דער ים אין מיטן שטורעם —
און דעם שונאָס שיף דאָרט ברענט.

נאָר זיין חייל שטאַרק און מעכטיק,
און זיין שיף איז שטאָל און אייזן:
מיט זיין אָטעם איינגעהאַלטן —
זיצט ער שטיל און פאַרבאַהאַלטן.

זיי וועלן מוזן באַלד זיך ווייזן,
די גרויסע, ווילדע ים-פיראַטן,
ווי ס'האָט יאָסעלע געהערט
אין ביכל לייענענדיק זיין טאַטן . . .

ער וועט זיי פאַנגען און זיי בינדן,
אויף זיין שיף צום ברעג זיי ברענגען.
ער וועט פאַר זיינע קנעכט זיי מאַכן,
מיט זיינעם אַ באַפעל אַ שטרענגן.

אָדער שפּילן אין פיראַטן,
אָנטון זיך אין שווערד און שילדן?
ער וועט צעשרעקן טאַטע-מאַמע,
ער וועט זיך מאַכן פאַר אַ ווילדן.

ער קאָן ווערן הויפּט-פיראַט,
זיין דער פירער פון דעם קאָן, —
נאָר איצט רופט מאַמע: גיכער, עסן!
ער וועט שוין זען, וואָס ער וועט טאָן . . .

## דער ווייסער בער

ווינטער איז מיר גוט אַזוי,
ווינטער שפּיל איך מיך אין שניי.

מאַכט דער שניי מיך אָפּטמאָל נאַס,
איז עס אויך ביי מיר אַ שפּאַס.

שרייט מיין מאַמע אויף מיר אָן, —
ווייס איך וואָס איך האָב צו טאָן:

אַ לויף אין גאַס, אַ שפּרונג און צוויי,
ביז איך פֿאַל אַריין אין שניי.

אַ דריי אַהין, אַ דריי אַהער —
און איך ווער אַ ווייסער בער.

און איך קריך אַריין אויף אַלע פיר,
צו מיין מאַמען דורכן טיר.

דערזעט מיין מאַמע אַ ווייסן בער,
דערשרעקט זי זיך און שרייט ניט מער...

## יאָסעלעס פרײַנט

קיינער ווייס נישט, ווער מײַן פרײַנט איז,
איך אַליין נאָר ווייס.
קיינער ווייס נישט, ווי איך רוף אים,
צי איז ער קליין, צי גרויס.

איך רוף אים יאָסל — ווײַל איך בין יאָסל,
דאָס אָבער ווייס איך נאָר אַליין,
אַז איך ווער גרויס — איז ער אַ גרויסער,
און אַז איך וויל נאָר, ווערט ער קליין.

לערן איך אים ווי צו רעדן,
און ער קען שוין גאָר אַ סך,
רעדט ער אָפטמאָל מיט אַ קוויטש,
און אָפטמאָל מיט אַ לאַך.

ווי איך רעד, אַזוי רעדט ער,
אַמאָל פּאַמעלעך, אַמאָל גיך,
מאַמע קען אים נישט פאַרשטיין
און זאָגט עס רעדט נאָר איך.

אָבער ער איז אַזאַ גוטער —
און לאָזט מיך קיינמאָל נישט אַליין,
ער פרייט זיך אַלע מאָל מיט מיר,
און וויינט נאָר, ווען איך וויין.

איך וויל זיך שפּילן מיט מײַן מאַמען,
זאָגט זי אַלץ: נישטאָ קיין צײַט —
אָבער יאָסל איז אַ גוטער,
ער איז שטענדיק בײַ מײַן זײַט.

# יאָסעלעס וואַלד

לייבן און בערן, וועוויריקעס און האָזן,
פייגל און חיות פון גרויס און פון קליין,
וווינען אין יאָסעלעס וואַלד דעם געדיכטן,
ער זיצט אין זיין וואַלד דאָרט איינער אַליין.

נאָר יאָסל איז רואיק, ער האָט נישט קיין מורא
פאַר אַלע די חיות פון ווילדסטן סאָרט.
זיי זיינען מעכטיקע חיות, וואָס שרייען און ברומען,
אָבער זיי וועלן ניט שאַדן אונדזער יאָסעלען דאָרט.

ער איז דאָך דער קעניג איבער זיי אַלע,
קעניג פון חיה, פון פויגל און פיש,
אַזוי האָט געפונען יאָסעלען זיין מאַמע
אין ווייט-ווייטע וועלטן, אונטערן . . . טיש.

שפּולן פון פאָדעם צעשטעלט אין די רייען —
דאָס זיינען די ביימער פון יאָסעלעס וואַלד,
אָפּגעבראָכענע שוועבעלעך זיינען לייבן וואָס שרייען,
און די אַנדערע חיות — אָט זיינען זיי באַלד:

פּאַפּירלעך און פעדים זיינען פויגל און שלאַנגען,
און די אַנדערע חיות זיינען שטיקעלעך שטרוי,
ס'ווייס יאָסל די נעמען פון יעדן באַזונדער
און דערציילט אויס זיין מאַמען די סכנות פון זיי.

זי זאָל נאָר זיין רואיק, און ריידן וואָס שטילער,
ער זיצט אין אַ וואַלד צווישן חיות אַליין —
ער האָט טאַקע קיין מורא, ער איז דאָך דער קעניג,
ווען ער וויל קאָן ער שרייען, אָט ווייזט ער איר באַלד,

נאָר ער וויל זיצן רואיק, ווי עס פּאַסט פאַר אַ קעניג,
ער וויל נישט צעשרעקן די חיות אין וואַלד . . .

## ווען איך וואָלט זיין אַ קייסער

ווען איך וואָלט זיין אַ קייסער
מיט אַ קרוין אויף מיין קאָפּ,
און אין מיין פּאַלאַץ אַרומשפּאַנען,
אַרויף און אַראָפּ —

וואָלט איך געהאַט דאָרט קינדער,
פון גרויס און פון קליין,
און וואָלט זיי אַלע אויסזעצן —
זיי זאָלן קענען זען,
ווי איך בין דאָס דער קייסער,
ווי שיין עס וואָלט געווען!

און אַז עס וואָלט מיר ווערן אומעטיק,
צו שפּילן זיך אַליין,
וואָלט איך צונויפגערופן די קינדער
פון גרויס און פון קליין,
און אָנגעטון אַ קרוין —
אויף יעדן איינעמס קאָפּ,

און מיר וואָלטן אַלע אומשפּאַנען,
אַרויף און אַראָפּ,
און שפּילן זיך אין קייסער,
אַלע אין אַ קאָן.
ווען איך זאָל זיין אַ קייסער,
וואָלט איך עס קאָנען טאָן!...

# איך מיט זיך

כ׳האָב אָנגעקלאַפּט צו זיך אין טיר
און בין אַריינגעקומען,
און האָב אָנגעזאָגט צו זיך:
— עס זיינען געסט צו אונדז געקומען.

איך — האָב זיך געשפּילט מיט זיך:
פאַר די געסט, זיי זאָלן זען,
אַלע שפּילן זיי באַוויזן,
אַלע קונצן וואָס איך קען.

איך קאָן אויך ברומען ווי אַ בער —
האָב איך זיך פאַר אַ בער געמאַכט,
אַלע געסט זיינען זיך צעלאָפן
און איך, מיט זיך — האָבן געלאַכט.

דאַן האָב איך געזאָגט צו זיך,
ווער לויפט גיכער, דו ציִ . . . איך?
ער האָט געזאָגט, איך, און איך האָב געזאָגט: איך,
זיינען מיר ביידע געלאָפן גיך.

נאָר איך בין צום ערשטן אָנגעקומען
און האָב דער ערשטער די מאַמע געפונען,
און אָנגעזאָגט, אַז איך האָב געוווּנען.

## זעט קינדער

זעט, קינדער, פון זייגער
די הענטעלעך קליין,
ווי זיי אַרבעטן פלייסיק
און האַלטן זיך ריין.

און האַלטן פון זייגער
דאָס פנימל ציכטיק,
און ציילן אונדז אויס
יעדעס רגעלע ריכטיק.

ציילן אויס ריכטיק
די שעה און מינוט,
טוען די אַרבעט —
פלייסיק און גוט.

טאָ לאָמיר אויך קינדער,
מיט הענטעלעך ריין,
טאָן אונדזער אַרבעט
נאָר גוט און נאָר שיין.

## צום זייגער:

טיק, טאַק, נעכטן,
טיק, טאַק, היינט:
שלעכטער זייגער —
כ'האָב דיך פיינט.

ווען איך שפּיל זיך,
ווען איך רו,
לויפט קיין זאַך אַזוי שנעל —
ווי דו.

נאָר אין שול דאָרט —
איבערן טיר,
גייט קיין זאַך לאַנגזאַמער
פון דיר.

טיק, טאַק, נעכטן,
טיק, טאַק, היינט,
ביזט אַ שלעכטער,
כ'האָב דיך פיינט.

## קנאה

שלעכט און שלעכט און אומגערעכט —
דאָס בין איך אַלע מאָל,
אַז ווי איך גיי און ווי איך שטיי —
שרייט אַלץ מאַמע: — נישט אַזוי!

קליגער, שענער איז אַלץ יענער,
מיין ברודער יאָסל, און ער איז קלענער:
אַז ער איז קליגער, און ער איז בעסער —
טאָ וואָסזשע טויג מיר צו זיין גרעסער?

## טאַטע מוז וויסן

דער טאַטע זאָגט, ער וואָלט וועלן וויסן,
וו איך האָב מיין העמד צעריסן,

און שרייט פאַרוואָס איך זאָג נישט אויס,
ווי אַזוי איך רייס די קנעפּלעך אויס.

איך מיין, ער מוז אַליין אויך וויסן,
ווי אַזוי איך האָב עס אַלץ צעריסן:

ער איז דאָך אויך געווען קליין —
טאָ וואָזשע פרעגט ער, אַז ער וויים אַליין?.

## אַ טאָג אַזאַ

פֿאַרלאָרן דאָס שפּיל
מיט די ייִנגלעך אין גאַס,
געקומען אָן ביכער —
צום לערער אין קלאַס.

ביים לערנען געקרימט זיך
אויף יעדן מיט כעס,
געקומען אַהיים —
פֿאַרבלאָטיקט פֿון גאַס.

און עס שרייט נאָך די מאַמע,
פֿאַרוואָס ער איז נאַס . . .

## „באַלד"

פֿאַרוואָס איז „באַלד"
אַזאַ שלעכט וואָרט,
וואָס מאַמע האָט דאָס
אַזוי פֿיינט ?

ווען זי רופֿט מיך,
זאָג איך : „באַלד" —
ווערט זי בייז —
און שרייט : א — גוואַלד ! . . .

## יאָסעלעס כאַפּט פֿיש

זייט שטילער
זייט שטיל!
איך האָב דאָ
אַ מיל.

און ביים מיל
איז אַ טייך,
זיץ איך דאָ גלייך.
ביים מיל
אויפֿן דיל
דאָ, אונטערן טיש —

זייט שטילער
זייט שטיל!
איך כאַפּ דאָך
דאָ פֿיש . . .

## יאָסעלעס בריק

שטעקלעך פֿאַר שפּאַלן,
פּעדים פֿאַר שטריק;
עס בויט פֿאַר זיך יאָסל —
אַן אייזערנע בריק.

פֿאָרט אויף איר אום,
ווייט, ווייט אַוועק;
אין לענדער פֿון וווּנדער —
אין לענדער פֿון שרעק.

בויט אַזאַ גרויסע —
אַן אייזערנע בריק;
און פֿאָרט אויף איר אום —
אַהין און צוריק.

פּירט מיט זיך ביקסן,
פּירט מיט זיך העק;
און פֿאָרט אויף איר אום —
ווו די וועלט האָט אַן עק . . .

## יאָסעלע זוכט שניי

ווינטער איז דאָ און פראָסט איז דאָ,
נאָר קיין שניי, קיין שניי איז נישטאָ.
ווינטער אָן שניי, ווינטער אָן שניי —
פראָסט, אַ, פראָסט, וווּ איז דער שניי?

ווינטער און פראָסט און ווינט איז דאָ,
נאָר קיין שניי, קיין שניי איז ניטאָ.
ווינטער אָן שניי, ווינטער אָן שניי,
ווינט, אַ, ווינט, וווּ איז דער שניי?

אַ שליטל איז דאָ און איך בין דאָ,
נאָר קיין שניי, קיין שניי איז ניטאָ.
ווינטער אָן שניי, ווינטער אָן שניי,
קאָן מיר ווער זאָגן, וווּ איז דער שניי?

## שוין אַ גרויסער

זיי זאָגן: ביסט דאָך שוין אַ גרויסער!
און ווער ווייס עס נאָך ווי איך?
אַט טראָג איך דאָך שוין לאַנגע הויזן
און מיין גרויסן ברודערס שיך.

אין מיינע נייע לאַנגע הויזן,
האָב איך קעשענעס אסך;
האַלט איך דאַרטן אַ פּאָר שפּילכלעך
און עס טרעפט אַמאָל אַ זאַך.

אַז איך פאַרקלייב זיך אין אַ ווינקל
און בלייב זיצן אין דער שטיל;
נעם פון קעשענע די שפּילכלעך
און פאַרשפּיל זיך אין אַ שפּיל.

איך פאָר אוועק אין ווייטע לענדער
און פאַרגעס אַז איך בין איך;
פאַרגעס אַז איך טראָג שוין לאַנגע הויזן
און מיין גרויסן ברודערס שיך.

## מיין קליין מיידעלע

מיין קליין מיידעלע האָט מיך ליב,
דערפֿאַר וואָס איך בין אַלט —
און גיי אַביסעלע געבויגן;
מיין קליין מיידעלע האָט מיך האַלט,
און גלעט מיט פּוכקע הענטעלעך —
די קנייטשן אַרום מיינע אויגן.

מיין קליין מיידעלע האָט מיך ליב,
און גיט מיר אירע ראָזע פֿינגערלעך —
צו קושן און צו זויגן,
און ווייזט מיר אַ ווייס ציינדעלע
וואָס שניידט זיך אין איר מויל,
ווי דאָס ערשטע ליכט פֿון לבֿנה-בויגן.

מיין קליין מיידעלע האָט מיך ליב,
און זוכט שוץ ביי מיר —
ווען מאַמע וויל זי שלאָפֿן לייגן;
זי רופֿט מיך באַבאַ —
און טוליעט זיך צו מיר,
דערפֿאַר וואָס איך בין אַלט —
און גיי אַביסעלע געבויגן.

# די וויג איז אויפֿן בוידעם

עס זינגט אין מיר נאָך אַלץ דאָס וויג־ליד,
מיטן צאַרטן מאַמע־ניגון,
די הענט פֿאַרבענקט צו וועש פֿון ווינדעלעך,
דאָס אויג צו עופּעלעך אין וויגן.

נאָר די וויג איז אויפֿן בוידעם,
אין קאָרב אַ ווינדעלע, נאָר פֿאַר אַ זיכּר,
און די עופּעלעך, אָן עין־הרע,
שוין פֿון טאַטע־מאַמע העכער.

עס זינגט אין מיר נאָך אַלץ דאָס וויג־ליד,
מיטן צאַרטן מאַמע־ניגון;
כ'וועל אם־ירצה־שם, אַ באָבע,
מיט אים די אייניקלעך פֿאַרוויגן.

## ווידער וואַש איך ווינדעלעך

ווידער וואַש איך ווינדעלעך
פאַר קליינע שיינע קינדערלעך;
ווידער זינגט מיין האַרץ אַ ליד,
דאָס אַלטע האַרץ איז נאָך ניט מיד.

און ווידער רופן אייגעלעך
ווי אין פלי די פרילינג-פייגעלעך;
און עס שוועבט זיי נאָך מיין ליד,
דאָס אַלטע האַרץ איז נאָך ניט מיד.

פון קינדער ביז קינדס-קינדערלעך,
שווער דער וועג און וואונדערלעך;
ווידער וואַש איך ווינדעלעך
פאַר שיינע קליינע קינדערלעך.

# דאָס קינד

איך קום פון דיין חלום,
איך קום פון דיין וואָר;
איך בין די קרוין
אויף דיינע זילבערנע האָר.

איך ברענג מיט זיך וואונדער,
איך ברענג מיט זיך נס;
און באַפּעל׳ניט פאַרגיי,
און באַפּעל׳ניט פאַרגעס.

אויף דיין שטאַם אויף דיין אַלטן,
איך בין דער יונגינקער צווייג;
וואָס שפּרייט נייע בלעטער:
צו זון מיט דיר שטייג.

אין מיר פולע נעסטן,
מיט פויגל און ליד;
דיין אויער זאָל הערן;
דיין האַרץ איז נאָר מיד...

## דאַנק אָפּ

שטרעק אויס די הענט צעשפּרייט,
האַלדז־אָן דעם טאָג מיט פרייד;
שפּיל זיך אָן מיט אים,
איידער ער פאַרגייט.

און אַז די נאַכט קומט אָן
אין שטערנדיקן קלייד;
דאַנק אָפּ פאַרן טאָג —
דאַנק אָפּ פאַר דער פרייד . . .

פאַרטרוי דיין האַרץ צו איר
מיט תּפילהדיקע רייד.

## דער זון, אַנטקעגן

שפּילט און פרייט זיך, קינדערלעך,
זעט, דער טאָג איז ניי,
און די זון אַ פריילעכע,
גייט מיט אייך אין ריי.

זי לויכט היינט אויף די וואָלקנדלעך
און טריקנט אויס דעם רעגן,
קושט צו איר די הענטעלעך,
און גייט דעם טאָג אַנטקעגן.

# אַ מעשה מיט אַ ציגעלע

אַ מעשה, אַ מעשה מיט אַ ציגעלע אַ ווייסער,
אַ ציגעלע אַ ווייסע, אַ ציגעלע אַ קליינע;
אַז מיין גוטינקע מיידעלע וועט אויפהערן וויינען,
וועל איך איר דערציילן די מעשה די שיינע.

און אַז מיין גוטינקע מיידעלע וועט באַלד איינשלאָפן
וועט זי זען אַט די מעשה ווי זי איז פאַרלאָפן;
און ווען זי וועט אויפשטיין פון שלאָף און איר חלום דעם זיסן,
וועט זי עס קענען דערציילן און אויף אויסווייניק וויסן.

און אַט איז די מעשה ווי זי איז פאַרלאָפן,
ווען סוזעלע איז געשמאַק אין איר בעטל געשלאָפן;
פאַרטיפט און פאַרטאָן אין אַ זיסנקן חלום,
און אַלץ אַרום איר איז געווען בשלום.

האָט דאָס ווייסינקע ציגעלע פון אונטער סוזעלעס בעטל,
דערזען אין איר דימיון אַ גרינינקן בלעטל;
אַ גרינינקן בלעטל אין גרינינקן גראָז —
און פון סוזעלעס חלום דעם ווייסינקן האָז.

עס שפינט זיך דער חלום און שטיל איז אין הויז,
דאָס ציגעלע קוקט פון אונטערן בעטל אַרויס;
אַ זילבערנעם שליאַך האָט לבנה פאַרשפּרייט —
פון וויג ביזן טיר, פון טיר ביזן פלויט.

אַ זילבערנעם שליאַך פון טיר ביזן פלויט,
און דאָרט שפּילט די נאַכט אַ ליד אויף איר פלייט;
פון גרינינקע בלעטער און גרינינקן גראָז —
פון סוזעלעס חלום און ווייסינקן האָז.

דאָס ציגעלע קומט פון אונטערן בעטל אַרויס,
אַ שפּרונג און צום טיר, אַ שפּרונג און פון הויז;
צום פּלויט און צום טאָל, פון טאָל און צום וואַלד,
פון בערגל צו באַרג ווי דורך זיידענעם פעלד.

דאָס ציגעלע טאַנצט מיט לייכטינקע טריט,
און דאָס ווייסינקע העזעלע טאַנצט מיט איר מיט;
פון סוזעלעס חלום דער ווייסינקער האָז,
טאַנצט מיטן ציגעלע אין גרינינקן גראָז.

אַזוי איז די מעשה ווי זי איז געשען,
און סוזעלע האָט עס אַלץ אין איר חלום געזען.



## וווהין גייען מיינע שיפן?

טונקל איז דער טייך
אין ראַם פון גאָלדיק זאַמד —
רוט ניט שטיל קיין רגע,
טראָגט זיך נאָכאַנאַנד.

שיף איך מיינע שיפן
אין זיין ברויזיגן שוים —
ציען מיינע זעגלען
אין אַ ווייטן רוים.

שווימען מיינע שיפן
פאַרביי אַ באַרג, אַ טאָל,
ווערט טונקעלער דאָס וואַסער —
ווערט שטילער וואָס אַמאָל.

ווייט אַוועק דער טייך,
מיילן ווייט דער וועג —
ווער וועט מיינע שיפן
מיר ברענגען צו אַ ברעג?

שפּילן זיך דאָרט קינדער
אויף יענעם ווייטן וועג —
זיי וועלן מיינע שיפן
מיר ברענגען צו אַ ברעג...

## דריי ציגעלעך

גייען דריי ציגעלעך —
דריי ציגעלעך שיין;
אַ מאַמעלע-ציג
מיט צוויי ציגעלעך קליין.

זאָגט ציגעלע-מאַמע:
„עס ווערט שוין באַלד שפּעט
מען לייגט שוין באַלד קינדערלעך —
שלאָפן אין בעט.“

שיקט זי איין ציגעלע
צו יואלקעס בעט,
אַ שטיפער אַ קינד
וואָס שלאָפט ניט ביז שפּעט.

און איינעם צו חיים דודלען
צום גוטינקן קינד,
וואָס לייענט אָפּ קריאת-שמע
און שלאָפט איין געשווינד.

און פאַראַן אַזאַ וויג
מיט אַן עלנטן קינד,
אַז עס צעוויינט זיך ביינאַכט,
הערט נאָר דער ווינט.

ביים עלנטן קינד —
אין וויגעלע קליין,
וועט ציגעלע-מאַמע,
שוין וואַכן אַליין.

## שענער פון דער זון

בלענד פון ווייסן שניי איז שיין,
און גאָלד פון זון אויף שניי איז שיין,
און קליינע קינדער זיינען
שענער פון דעם שניי,
שענער פון דער זון,
און קינדער זיינען דאָ אַזעלכע
אומעטום.

קינדער האָבן ליב די שפּיל אין שניי,
קינדער האָבן ליב די שפּיל אין זון,
און פרייד פון קינדער —
איז די שענסטע זאַך אונטער דער זון. —

און קינדער זיינען דאָ אַזעלכע
אומעטום
וואָס עס פעלט זיי פרייד פון שפּיל,
וואָס עס פעלט זיי ליכט פון זון,
און דער ווייסער שניי,
ווי ווייס ער איז און שיין
ברענגט ער זיי נאָר —
הוסט, און קעלט, און שטיל געוויין.

און קליינע קינדער זיינען
שענער דאָך פון אַלץ,
שענער פון דעם שניי,
שענער פון דער זון —
און קינדער זיינען דאָ אַזעלכע
אומעטום . . .

# דאָס קינד

נאָך אַ קליין כוואַליעלע
אויפֿן ים פֿון לעבן;
נאָך אַ קינד צום ליבן
האָט אונדז גאָט געגעבן.

נאָך צוויי קליינע פֿיסעלעך,
צו טרעטן פֿאַר זיך וועגן
און זוכן זונען גייענדיק
צווישן שטויב און רעגן.

נאָך צוויי קליינע הענטעלעך,
צו אַרבעטן און שפּילן;
נאָך צוויי שיינע אייגעלעך,
נאָך אַ קליינער ווילן.

נאָך אַ האַרץ צו ליבן,
צוריק געליבט צו ווערן;
נאָך אַ זאַך צו בויען
און צוריק צעשטערן.

נאָך אַ קליין כוואַליעלע
אויפֿן ים פֿון לעבן;
דורך ליבע און דורך ווײ,
האָט אונדז גאָט דאָס קינד געגעבן.

## בעטלער

דער מיט ווײַנענדיקער מינע,
דער מיט אויסגעשטרעקטע הענט ;
ניט אויסגערעדט זאָל עס נאָר זײַן,
נאָר מען נעמט און נעמט.

מוזט נאָר האַלטן אין אײן געבן :
דעם אַ קוש און דעם אַ גלעט ;
ניט אויסגערעדט זאָל עס נאָר זײַן :
נאָר מען בעט און בעט.

## זעסט די לבנה

זעסט די לבנה, — אַ גאָלדענע וויג,
אַ שטערנדל וויגט זי איצט איין,
פאַרנאַכטיקע שאָטנס אין בלויען געקליידט,
קוקן אין וויגל אַריין.

זײַ שטיל און שלאָף איין,
מיין ליכטיקע שיין,
עס וויגט די לבנה —
אַ שטערנדל איין.

דאָרט הינטער די וואָלקנס, גאָלדיק און רויט,
שלאָפט איצט די זון אין איר בעט,
די לבנה, אַ יונגע, מוז שלאָפן באַלד גיין,
זי טאָר היינט ניט שפּילן זיך שפּעט.

זײַ שטיל און שלאָף איין,
מיין ליכטיקע שיין;
אַ קלייניקער שטערנדל
שלאָפט איצטער איין.

דאָס גאָלדענע וויגעלע וויגט זיך און וויגט,
און שלעפערט דאָס שטערנדל איין;
מיט אַ ווייסינקן וואָלקנדל דעקט זי אים צו,
און פאַרגייט הינטער גאָלדענעם שיין.

זײַ שטיל און שלאָף איין,
מיין ליכטיק קינד;
אַ קלייניקער שטערנדל
שלאָפט אויך אַצינד.

## דער מאָרגן, אַ ליכטיקער

שטאַרק איז דער שטורעם,
בייז איז דער ווינט;
שלאָף איין, מיין קינד,
שלאָף איין, מיין קינד.

כ׳וועל פאַרמאַכן די לאָדן,
פאַרשפאַרן דעם קוימען,
וועסט ניט הערן דעם ווינט,
שלאָף איין, מיין קינד.

כ׳וועל שטעלן דיין בעטעלע
דאָ ביי מיין זייט,
דיר דערציילן פון טאַטן,
וואָס איז ערגעץ ווייט.

ווייך איז דיין בעטעלע,
וואַרעם און ריין;
ס׳וועט דער מאָרגן אַ ליכטיקער
קומען צוגיין.

ס׳וועט דער מאָרגן אַ זוניקער
קומען צוגיין,
און ברענגען דיין טאַטן
בשלום אַהיים.

שטאַרק איז דער שטורעם,
בייז איז דער ווינט;
שלאָף איין, מיין קינד,
שלאָף איין, מיין קינד.

## וויג - ליד

שלאָף איין מיין קינד
מיין גאָלדענער קאָפּ,
עס פאַלן די שנייעלעך
ווייסע אַראָפּ.

שנייעלעך ווייסע
פאַלן אַראָפּ,
דאָס טרייסלען מלאכים
די פליגעלעך אָפּ.

ווייסינקע שנייעלעך
שלעפערן איין,
מלאכימלעך קוקן
אין וויגל אַריין.

שלאָף, שלאָף,
מיין יינגעלע קליין;
עס וועלן איצט ווייסינקע
שנייעלעך גיין.

## וויג-ליד

גוט איז דיר, מיין ליב קינד,
צו ליגן איצט אין וויגעלע
דאָרט אין רעגן און אין קעלט,
ליגט ביים פּלויט אַ ציגעלע.

קייט דאָס גראָז אַרום זיך,
קייט אַ גרינעם בלעטעלע,
האָט קיין מאַמען, האָט קיין היים,
האָט קיין וואַרעם בעטעלע.

וואַכט אַ מלאך איבער מיין קינד,
אין זיין קליינעם וויגעלע,
וואַכט ער אויך אין גאָס ביים פּלויט
איבערן קליינעם ציגעלע.



# וויג - ליד



פון באַרג קומט דעם פּאַסטעכלס ניגון,
ער טרייבט איצט אַהיים זיינע שאָף;
און איך טו מיין יינגעלע וויגן,
צו זיסע חלומות און שלאָף.

און וואָס וועט מיין קינד זען אין חלום?
אַז איך וועל אים וויגן שטיל;
ער וועט זען אַלע שעפּעלעך ווייסע,
אויף גרינינקן באַרג אַרום מיל.

ער וועט זען ווי עס וויגן די פליגל,
וויגן אויף נאַכט איין די מיל;
ווי איך טו זיין וויג אַלץ וויגן,
שטילער, שטילער און שטיל.

איבערן באַרג די לבנה,
שפּרייט אירע נעצן קיל;
זי וועט פאַרוועבן אין זילבער,
דעם באַרג מיט די פליגל פון מיל.

זי וועט פאַרוועבן אין זילבער,
ביים שטרייענעם דאַך אונדזער ציג;
און מיך ווי איך זיץ געבויגן,
אין דרימל איבער זיין וויג.

אַ ציגעלע אין אַ זילבערנעם פעלכל,
זילבערנע שאָף אַרום מיל;
דאָס אַלץ וועט מיין קינד זען אין חלום,
אַז איך וועל אים וויגן שטיל.

שטילער דעם פּאַסטעכלס ניגון,
שטילער דער רוף פון די שאָף;
איך טו מיין יינגעלע וויגן,
צו זיסע חלומות און שלאָף.

## עס הענגט דיין וויג אויף וואָגל-וועגן

פאַרגליווערט שטומט מיין ליד אין מיר,
ווי גערן וואָלט איך זינגען דיר,
דיך איינוויגן אַצינד.

עס הענגט דיין וויג אויף וואָגל-וועגן,
איך וויג דיך איין אין ווינט און רעגן,
דאָך שמייכלסט זיס, מיין קינד.

באַ מיין בוזעם איינגעשטילט,
האָסט דעם הונגער ניט געפילט,
ניט געהערט דעם ווינט.

טיף, טיף אין דיינע אויגן,
ליגן שאָטנס פון מיין טרויער;
שלאָף איין און מאַך זי צו.

חלום אוים חלומות —
פאַר מיר פון אַלטע צייטן,
פון ליבע און פון רו.

פאַרגליווערט שטומט מיין ליד אין מיר,
ווי גערן וואָלט איך זינגען דיר,
לידער אָן אַ שיעור.

שלאָף מיין קינד, וועסט עלטער ווערן,
וועסט אַליין אין זיך דערהערן,
מיין ליד, וואָס לעבט אין דיר.

## האָגל אויפֿן דאַך

האָגל אויפֿן דאַך ביי מיר,
ציטערט יעדער שינדעלע;
אין מיין שטיבל בעטלעך פיר,
אין יעדן בעט אַ קינדעלע.

עפענען זיך הימלען אויף,
מיט בליצן און מיט דונערן;
שלאָפן מיינע קינדערלעך,
אַן דאגה און אָן קומערן.

און אין שלאָף זיי חלומען,
פון זונען און פון ליכטיקייט;
מיט שמייכל אויף די פנימלעך,
אָן זאָרגן און אין ציכטיקייט.

פאַלט אַ בליץ דורך פינצטערניש,
באַלויכט ער מיינע קינדערלעך;
ציטערט, קלאַפט דאָס האַרץ אין מיר,
ווי האָגל אויף די שינדעלעך.

## אַ מעשה פון רו

פעלד אַרום מיר, גרין און באַבלימלט,
יינגעלע ביי מיין זייט, אין ווייס און אין בלוי,
שפּילט זיך מיט טאָג, מיט גראָז און מיט בלימל,
און דער הימל ער בלויט זיך אַזוי . . .

דער טאָג ביים פאַרגאַנג, אויף גאָלדענעם פליגל:
די וועלט אַרום מיר, אין גאָלדענעם וויגל;
מיין יינגעלעס בלויאינקע אייגעלעך מיד,
דער וואַלד זינגט דער וועלט איצט אַ ליד.

טונקעלע פעלדער, טונקעלער הימל,
מיין יינגעלעס אייגעלעך מאַכן זיך צו;
די וועלט אַרום מיר אין זילבערנעם דרימל;—
די לבנה דערציילט איצט אַ מעשה פון רו.

## איי-ליו, ליו,

איי-ליו, ליו, מיין קינד, שלאָף איין,
עס זינגט דער פויגל זיך אַליין,
אַז דו מיין קינד, דאַרפסט שלאָפן גיין,
מוז דיין מאַמע זינגען דיר:
— איי-ליו, ליו, שלאָף איין.

הינטערן טיר, אין וואַנט, די גריל,
זינגט און זינגט פאַר דיר און מיר;
זינגט פון ווינטער, זינגט פון נויט,
זינגט און זינגט און וויגט זיך איין:
— איי-ליו, ליו, מיין קינד, שלאָף איין.

שווימט אַ פישעלע אין טייך,
אַ גאָלדן פישעלע אין טייך,
כוואַליע אויס און כוואַליע איין:
זינגט דער טייך און וויגט זיי איין:
— איי-ליו, ליו, מיין קינד, שלאָף איין.

שלאָפט אַ בערעלע אין וואַלד,
אַ קליין בערעלע אַליין;
קומט די מאַמע-בער צוגיין,
זינגט דער וואַלד און וויגט זיי איין:
— איי-ליו, ליו, מיין קינד, שלאָף איין.

## דער צווילינג

אַנשטאָט איין קעפּעלע,
צוויי קעפּעלעך;
אַנשטאָט צוויי אייגעלעך,
פיר אייגעלעך;
אַנשטאָט איין צינגעלע,
צוויי צינגעלעך;
אַנשטאָט איין יינגעלע,
צוויי יינגעלעך.

איינער פאַרן טאַטן,
איינער פאַר דער מאַמען;
און פאַר דער גוטער באָבעניו
ביידע צוויי צוזאַמען.

איז איינער אַזאַ בלאָנדינקער
מיט בליקן העל צעפלויגן;
און איינער אַזאַ ערנסטער
מיט טיף־פאַרטראַכטע אויגן.

זאָגט מען אַז דאָס בלאָנדע קינד
האָט דעם טאַטנס אויגן;
נאָר די נאַטור דער באָבעס גאָר,
דינאַמיש און צעפלויגן.

און איינס: די מאַמע אויסן אויג;
נאָר עפּעס רעדט מען ווידער,
אַז ווען ס'פאַרטראַכט זיך — איז פונקט די באָבע,
און אַז ער טראַכט עס אירע לידער.

# מיין גאָלדן פייפל

צו די קינדער פון ישראל

איך קום אָן צו אייך פון די ווייטן,
מיט זאַק אויפן פלייצע און מיד;
אין זאַק ליגט מיין גאָלדן פייפל,
און מיין אומעטיק יידיש ליד.

איך וועל שפּילן פאַר אייך אויף מיין פייפל,
פון גלות און וואנדער און מיד;
און וועל טאַנצן פאַר אייך צו דעם ניגון,
פון מיין אַלטן מיין יידישן ליד.

ווער האָט ניט געשפּילט אויף דעם פייפל!
וואו נאָר אַ קדוש, אַ ייד;
און איך וויל אַז איר זאָלט עס געדענקען,
מיין אומעטיק יידיש ליד.

## צו מיין מאַמען

עס בענקען מיינע הענט,
נאָך קינדערשע קעפּ;
פלעכט איך מיין מאַמעס
ווייסע האָר און צעפּ.

און צערטל זיי און גלעט,
ווי דאָס גראָז דער ווינט,
נאָר איך שעם זיך זי קושן
און רופן זי קינד.

## זייער פרייד

ס'האָבן זיך קינדער אין זאַמד היינט געשפּילט,
איך בין אין אַ ווינקל געשטאַנען פאַררוקט:
איז די זון פון די וואָלקנס אַרויס,
אַרויס, און זיך אויף די קינדער פאַרקוקט.

האָבן די קינדער מיט זון זיך דערפרייט,
און זייער פרייד מיין האַרץ האָט באַגלייט:

די זון האָט געשפּילט מיט די קינדער אין זאַמד,
און מיך דאָרט געוואַרימט, אָן אַ זייט, ביי דער וואַנט.

## די כישוף - בריק

אונדזער באָבעניו האָט האָלט געהאַט
צו שטריקן און צו נייען,
קליידעלעך און זעקעלעך —
פאַר דודלען און לאהן.

פאַר מיכעלען און מאָטעלען,
פאַר האָדעלען און טעמען;
פאַר אַלע גוטע קינדערלעך
מיט די שיינע נעמען.

ציענדיק די פעדים
ביים נייען און ביים שטריקן,
האָט זי ליב געהאַט צו פלעכטן
לאַנגע כישוף - בריקן.

און מיט קינדעלעך אין איינעם
לאָזן זיך שפּאַצירן,
איבער יענע בריקן —
זיי אין ווייטע לענדער פירן.

פון ווייטן — ווייט אַמאָל,
ווי פון טיפע היילן
ציען וווּנדער - מעשיות,
די קינדערלעך דערציילן.

אויסשפּרייטן איר וועלט,
פון איבער הונדערט יאָרן
און פלאַנצן אויף דאָס ניי
קינדער אין זכרון.

שוין אַוועק די באָבע,
נאָר ניט אין נאַכט אין בלינדער:
די קליידעלעך און זעקעלעך —
טראָגן איצט די קינדער.

און עס ווערן קינדערלעך —
נייאינקע געבאָרן;
טראָגן זיי איר נאָמען
אויף גוטע לאַנגע יאָרן.

און די כישוף - בריק
וואָס זי האָט דאָ פאַרצויגן;
גייט אויף פאַר זייער בליק,
ווי אַ רעגנבויגן.



מיין מאַמע
צו איר הונדערטסטן געבורטסטאָג

## די באָבע

די באָבע איז געבוירן —
חמשה עשר בשבט:
איז איר לעבן געווען פרוכטבאַר
און מיט יאָרן זאַט.

דערלעבט האָט זי די עלטער,
פון איבער הונדערט יאָר;
מיט קלאָרן שכל
און שניי-ווייסע האָר.

נאָך איר זיינען געבליבן
פיר שיינע דורות;
הייליק איר נאָמען,
ווי ליכט אין מנורות.

הייליק איר אָנדענק,
איר ליכטיק געשטאַלט;
צווישן פיר שיינע דורות,
ווי די זון אין אַ וואַלד.

# פון וואַנען נעמען זיך די מעשיות

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט,
ניט מיט פורן צו דערפאָרן,
שטייט אַ הייזעלע אַ קליינס,
שוין פון פילע לאַנגע יאָרן.

טיר און לאָדן אויפֿן ריגל —
שטיל דאָס הייזל און פאַרלאָזן,
דורך די טעג און דורך די יאָרן —
נאָר אין קומען ווינטן בלאָזן.

ווייסן אַלע שוין פון יאָרן,
אַז דאָס הייזל איז פאַרלאָזן,
און אַז ווינען, ווינט דאָרט קיינער,
נאָר אין קומען ווינטן בלאָזן.

טרעפט אַ נאַכט, ווען אַלע שלאָפֿן,
און די ווינטן שלאָפֿן אויכעט,
ווערט אין יענעם הייזל ליכטיק,
און פון קומען דאָרטן רויכערט.

טיר און לאָדן אויפגעריגלט —
אין אַ ווינקל ביי אַ שיין,
זיצט אַ זיידע לערנט תורה,
זיצט אַ קינד און הערט זיך איין
צו דעם זיידנס וונדער־מעשיות,
און חלומט זיי אין זיך אַריין.

ביי אַ קוימען, ביי אַ שפּין־ראָד,
פון זייד די פעדים, דין און ווייך,
שפינט אַ באָבע שיינע מעשיות,
און צעשיקט זיי מיטן רויך.

נעמט דער רויך דער באָבעס מעשיות
גיט זיי איבער צו דעם ווינט —
צעשפּרייט דער ווינט זיי אויף זיינע פליגלען
און טיילט זיי אוים צו יעדן קינד.



## זיידע און קינד

זיצן קינד און אַלטער זיידע,
טורעמס, שלעסער בויעןביידע,
זיידע און קינד, אין שפּיל צוזאַמען,
ביידע אין שפּיל זיך איינפאַרשטאַנען,
ווייזט איעדער וואָס ער קען,
וואַקסן שלעסער, שיין צו זען.

— ווען איך וועל זיין אַט אַזוי גרויס!
פּלאַפּלט ס׳קליינע קינד אַרויס,
וועל איך לאָזן בויען אַזאַ מין שלאָס,
מיט צאַם און טויער פון ברייטסטער מאָס —
דאָ אַ בוים וועט בליען שיין,
דאָרטן וועט אַ וועכטער שטיין,
אַזאַ טורעם אַזאַ הויכן,
אַז מענטשנס אויג זאָל קוים דערגרייכן.

און דער זיידע אַלט און גרוי,
האָט אויך אַמאָל געבויט אַזוי;
דאָ אַ וואַנט און דאָ אַ צאַם,
דאָרט אַ טיר אין אַ גאָלדענער ראַם,
און ער שמייכלט און דערציילט,
ס׳פרייט דאָס קינד זיך און פאַרשטייט —
מעשיות, מעשיות אָן אַ צאָל,
פון זיידנס טורעמס פון אַמאָל.

און ביים שפּיל זיי רעדן ביידע —
ס׳קליינע קינד און דער אַלטער זיידע —
איינער פון אַמאָל — אַמאָל —
מיט אַ ציטערדיקן קול.
דעם צווייטנס אויגן פול מיט שיין,
רעדט פון דעם וואָס דאַרף ערשט זיין.
— זיצן בויען שלעסער ביידע,
ס׳קליינע קינד און דער אַלטער זיידע.

## דער שלאָף

פון ערגעץ פון ווייטן, פאַרכישופטן לאַנד,
קומט אָן דער שלאָף מיט אַ זעקעלע זאַמד;

נאָך אַ לאַנגן טאָג פון אַרבעט און שפּיל,
ווערן קינדערלעך, מידע, רואיק און שטיל.

קוקן פאַרחלומט צום פאַרכישופטן לאַנד,
דערזעען דעם שלאָף מיטן זעקעלע זאַמד.

ווי ער שאַרט זיך פון פענצטער צו פענצטער ביים וואַנט,
שלעפּט פון דעם זעקעלע גאָלדענעם זאַמד.

פאַרשיט מידע אויגן מיט גאָלדענעם שיין —
ביז קינדערלעך קליינע שלאָפן איין.

דאַן קומט דער חלום מיט לייכט-לייכטע טריט,
און פירט אַלע קינדער אין חלום-לאַנד מיט.

און אַז קינדערלעך זיינען נאָר גוטע געווען,
וועלן זיי וווּנדער אין חלום-לאַנד זען.

מען וועט זיי הויך ביזן הימל דערהויבן,
צעזעצן אין שיפן, וואָס שווימען דאָרט אויבן.

די שטערן מיט דער לבנה, פון טיף-ברייטע ימען,
וועלן קומען זיך שפּילן מיט די קינדער צוזאַמען.

ביז דער פרימאָרגן מיט זיין זוניקן רוף,
וועט שרייען צו קינדער: גוט מאָרגן! שטייט אויף!

# אין זכות פון עלטער-זיידנס נאָמען

געשטאָרבן דער עלטער-זיידע ר׳ שמעון,
אונדז צו לאַנגע יאָר;
איז סימעלע נאָך אים אַ נאָמען,
ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

געווען איז דער עלטער-זיידע ר׳ שמעון,
אַ ייד אַ פרומער, אַ ייד אַ גוטער;
וואַקסט סימעלע אַ גרויסער נחת —
פאַר איר פאָטער און איר מוטער.

פאַר אַלע שכנים מיט די שכנות,
און אַלע שכנתדיקע קינדער;
עס שמט מיט איר די גאַנצע גאַס,
ווי מיט אַ ווונדערלעכן ווונדער.

סימעלע טראָגט שטאָלץ דעם נאָמען
פון אַ שיינעם אַלטן דור;
ליכט פון זון אין אירע אויגן,
גאָלד פון זון אויף אירע האָר.

אין דעם זכות פון איר עלטער-זיידן,
וואַקסט זי שיין און גוט און גרוים;
און ס׳וואַקסט די פרייד און מזל-ברכה,
מיט איר אין טאַטע-מאַמעס הויז.

# דערציילט דער זיידע

עס צינדט אָן מיין זיידע ליכטעלעך קליינע,
און זינגט ביי־דער־ביי ברכות גאָר שיינע
און זעט ווי איך שטיי ביי זיין זייט פאַרטראַכט,
פרעגט ער מיך: ווייסט, וואָס איז היינט פאַר אַ נאַכט?

און עס נעמט מיך מיין זיידע גוטמוטיק אַרום,
און זאָגט צו מיר ליבלעך: קום מיין קינד, קום:
וועל איך דיר דערציילן אַ מעשה אַ שיינע
פון דעם חנוכה־נס און די ליכטעלעך קליינע.

ער דערציילט מיר פון שלאַכט, פון חיל און קריג,
פון יהודה־המכבי, זיין שווערד און זיין זיג;
פון אַ בית־המקדש אַ נייעם, פון אַ גרויס־ גרויסן נס,
ווי אַ קליין קריגעלע בוימל האָט געברענט אַכט מעת־לעת.

איך קוק אויף די ליכטעלעך און הער זיך שטאַרק איין
צו די רייד פון מיין זיידן ביז איך שלאָף אַזוי איין.
דאַן ווער איך אַ קריגער, אַ זיגער אין פעלד —
מיין זיידע — מתתיהו, איך — יהודה דער העלד.

און האָב אַליין אויך געזען ווי דער נס איז געשען,
אין חנוכה־לעמפל ביי אונדז ביי דער וואַנט,
ברענען די ליכטעלעך אַכט נעכט נאָכאַנאַנד,
ווי דאָס קריגעלע בוימל אין הייליקן לאַנד.

## חנוכה-ליד

זיינען מיר יידישע קינדערלעך אַכט,
האָט מען אונדז חנוכה-דריידלעך געבראַכט;
דרייען מיר דריידעלעך: קינדערלעך אַכט,
איז פריילעך אין שטיבל אין חנוכה נאַכט.

אַ יום-טוב אַ גוטער, פון זיידעס געבראַכט,
אַ יום-טוב אַ שיינער, פון נסים געמאַכט;
דרייען מיר דדריידעלעך: קינדערלעך אַכט,
איז פריילעך אין שטיבל אין חנוכה נאַכט.

דערציילן פון דריידל די אותיעלעך קליינע,
נס גדול היה שם, אַ מעשה אַ שיינע;
און אין לעמפעלע ברענען ליכטעלעך אַכט,
איז פריילעך אין שטיבל אין חנוכה נאַכט.




## דריידעלע

דריידעלע, דריידעלע,
דריידל פון בליי;
דריי זיך, באַוועג זיך
פלינקער און פריי,
דערצייל אונז דיין מעשה,
דערצייל אויף דאָס ניי.

דערצייל פון אַ זיג,
דערצייל פון אַ נס,
ווי אַ קליין קריגעלע בוימל
האָט געברענט אַכט מעת לעת;
דערצייל פון אַמאָל,
דערצייל אויף דאָס ניי;
דריידעלע, דריידעלע,
דריידל פון בליי.

## שטייט אויף חשמונאים

שטייט אויף חשמונאים, מתתיהו שטיי אויף!
און הערט ווי עס שאַלט אויף־דאָס־ניי אייער רוף;
דאָס לאַנד פון יהודה, פון נס און פון קריג,
קלינגט ווידער מיט קאַמף פון באַפרייאונג און זיג.

שטייט אויף, איר העלדן, אין שעה דער גערעכטער,
און מוטיקט מיט גלויבן די זין און די טעכטער!
וואָס האָבן דורך שטרייטן פון צוויי טויזנט יאָר,
דערפירט אונזער חלום צו אַ ליכטיקער וואָר.

און דו, הייליק לעמפּל, ברען העלער, ניט לעש!
ווייל איצט מער ווי תמיד דאַרף מען דיין נס:
מיט הערצער אין ציטער פון סכנה און פרייד,
אויף אומזיכערע וועגן דיין ליכט פאַר זיי שפּרייט.

לויכט ליכטיק און פלעמלט, איר ליכטעלעך אַכט,
פאַר די טויזענטער וואָגלער דורך פינצטערער נאַכט:
און ברענגט זיי אַהיים פון וואַנדער דעם מידן,
זיי זאָלן דאָרט לעבן אין רו און אין פרידן.

און די געהייליקטע נעמען פון מיליאָנען מאַרטירער,
זאָלן אויפגיין אין ליד פאַר אונדזערע בויער און פירער:
און לויכטן פאַר זיי ווי ליכט אין מנורות,
און ווערן דער נס פאַר ווייטערע דורות.



## גראַגער

גראַגער, גראַגער,
גראַן, גראַן, גראַן!
אַמאָל איז געווען
אַ שלעכטער מאַן.

המן איז געווען
דער שלעכטער מאַן;
עס זיינען נאָך המנס
אויך איצט פאַראַן.

אַמאָל געווען,
אויך איצט פאַראַן;
גראַגער, גראַגער,
גראַן, גראַן, גראַן!

## אַ פּורים מעשה

עס באַקט די באָבע המן־טאַשן,
און דער זיידע פאַסט אַ תענית;
און דער טאַטע מאַכט אונדז גראַגערס,
און מאַמע גרייט די שלח־מנות.

מיט די גראַגערס אין די טאַשן,
אויסגעפּוצט זיך שיין און פיין,
נעמט דער זיידע צו דער מגילה
אונדז אין שול אַריין.

אין מגילה איינגעוויקלט
איז אַ מעשה וואונדער־שיין;
פון אַן אסתר מיט אַ מרדכי —
און אַ קעניג מיט אַ קרוין.

און אַ המן אַ גרויסער רשע
איז דאָרט אויך פאַראַן;
און דערמאָנט מען נאָר זיין נאָמען,
מאַכן מיר גרראַן! גרראַן!

אויסגעהרגעט אַלע המנס,
קיין איינעם ניט פאַרגעסן;
לויפט מען גלייך פון שול אַהיים
גוטע קרעפּלעך עסן.

נאָכדעם שיקט מען שלח מנות,
שיינע לעקעכלעך מיט מאָן;
איך מיט מאַטלען שיקן אויך,
מיר שפּילן אויך אין קאָן.

שיקט מאַמע טאַטן שלח מנות,
שיקט אַן עפּל מיט אַ באַר;
איך מיט מאַטלען זיינען טרעגערס,
צאָלט מען אונדז דערפאַר.

צו דער סעודה טרינקט מען, עסט מען,
גוטע זאַכן פיל.
דערציילט דער זיידע אונדז אַ מעשה
מיט אַ פּורים־שפּיל.

איז די מעשה אַזאַ שיינע,
אַז מען פרייט זיך און מען לאַכט,
אָנגעשפּילט זיך, אָנגעפרייט זיך,
גייט מען שלאָפן, — אַ גוטע נאַכט . . .

## פורים-ליד

וואָס מער גראַגער, וואָס מער רעש!
און אַ גרויסן המן-טאַש,
נאָכן לאַנגן שווערן תענית,
און וואָס מערער שלח-מנות!

און די סעודה וואָס נאָר גרעסער,
און די משקה וואָס נאָר בעסער,
אַלע יידן אויף לחיים —
און אַ פורים-שפּיל אַ נייעם.

מיט גוטע שפּרוכן און מיט טרייסטן,
אויפן חורבן אויף דעם גרויסן;
און די קללה פון אַלע וועלטן,
די גרעסטע המנס צו פאַרשעלטן.

וואָס האָבן די מגילה אונדז צעפּטרט,
און אַנגעטאָן אין געלע לאַטעס
די שיינע אסתר מיט איר גוטן פעטער
און געפירט זיי אין די געטאָס.

אין זייער ווילדן טייוול-שטורעם,
פאַרברענט דעם סידור מיט דער מעשה-פורים
און געלאָזט זיי מיט פאַרוויינטע אויגן,
אָן אַן אָרט וווּ דעם קאָפּ צו לייגן.

אויך די קינדערלעך די קליינע,
וואָס האָבן ליב די נסים פון די מעשיות שיינע,
אַלץ פאַרטיליגט, אַלץ פאַרלענדט
אין די חורבות אונטער ווענט.

וואָס מער גראַגער, וואָס מער רעש!
איבער חורבות, בערג מיט אַש,
אויפגיין וועט אַ נס אַ נייער
פון דעם אַש און פון דעם פייער . . .

1943

## קויפט אַ גראַגער

קויפט אַ גראַגער פאַר אַ דרייער,
פאַרן יום־טוב ליב און טייער;
היינט איז פּורים, גאָר אַ נייער,
גראַגערט הויך און גראַגערט פרייער!

מיט נייע העלדן אין דער מגילה,
ניט געבויגענע און שטילע;
נאָר פול מיט מוט און פול מיט גלויבן,
אונדזער פאָלק אויף צו דערהויבן.

איז לאָמיר פּראַווען אונדזער סעודה,
מיט די בעסטע המן־טאַשן,
טרינקען משקה פון די פלאַשן,
און פון אַלעם גוטן נאַשן.

זאָל די פריילעכע קאַפּעליע,
עסן, טרינקען, פיל זיי ווילן;
נאָכדעם מיטן אַלטן נוסח,
פאַר אונדז דעם פּורים־שפּיל אויפשפּילן.

אָפּגעפאַסט אַ לאַנגן תּענית,
שיקט מען פיינע שלח־מנות;
פולע טאַצן, פולע פאַלעס —
קיין ישׂראל און אין גלות.

אַלע יידן איצטער שכנים,
אַלע פרייען זיך אין איינעם;
און מען ווינטשט זיך פרייד און פרידן,
אויף גאָרער וועלט, אויף אַלע יידן!.

# דעם טאָג צו געדענקען

היינט טאָר מען ניט לאַכן,
היינט טאָר מען ניט שפּילן;
היינט דאַרף מען אומגיין —
אין אומעט אין שטילן.

היינט צינדט מען ליכט
אין טרויער אין מידן;
היינט זאָגט מען קדיש —
נאָך זעקס מיליאָן יידן.

ווי תשעה-באב —
אין אבולות און בענקען,
מוזן מיר אַלע —
דעם טאָג געדענקען.

פאַרקריצן דורך דורות,
אין טיף פון זכרון;
דעם חורבן דעם גרויסן,
פון אונדזערע יאָרן.

## אַ סדר־חלום

די מאַמע האָט פאַרפּוצט אונזער הויז אַזוי פיין,
מיר האָבן שוין מצה, מיר האָבן שוין וויין,
אונדז אַלעמען האָט מען באַפרייט היינט פון חדר,
איך קען שוין די קשיות פרעגן ביים סדר.

איך פרעג די פיר קשיות איינע נאָך איינע,
און קוק מיר דערביי אויף די כוסות די שיינע,
קוק אויפן כוס, מיט די גאָלדענע בלומען,
און טראַכט פון דעם גאַסט וואָס דאַרף צו אונדז קומען.

אליהו הנביא וועט באַלד ביי אונדז זיין
און טרינקען פון כוס מיט די בלומען דעם וויין,
אַזוי טראַכט איך און וואַרט און קוק צו דער טיר,
ביז מיינע אויגן פאַרמאַכן זיך מיר.

אליהו הנביא איז גוט אָן אַ שיעור,
איז ער אין חלום געקומען צו מיר;
ער האָט מיך אַ גוטער גענומען ביים האַנט
און מיך געפירט אין אַ ווייט־ווייטן לאַנד.

דאָס איז דאָס לאַנד פון מצרים געווען,
איך האָב אַלע יידן אַלס קנעכט דאָרט געזען,
דעם געשפּאַלטענעם ים געזען אין מיין חלום,
געזען אַלע יידן אַריבער בשלום.

געזען פרעהס חיל אין ים זיך געטרונקען,
זיינע פערד מיט די רייטער אין אָפּגרונט געזונקען,
ווי משה־רבנו מיט זיין שטעקן אין האַנט
האָט געפירט אַלע יידן צו אַן אייגענעם לאַנד.

און דאָס ציגעלע פון חד גדיא איז אויך דאָרט געווען,
אַ שיין ציגעלע פאַר צוויי גילדן האָב איך געזען
מיטן ציגעלע געפרייט זיך, געשפּילט זיך, געלאַכט,
אליהו האָט געקושט מיך אַ גוטינקע נאַכט,
און אַ פריילעכן צוריק אין מיין בעטל געבראַכט.

## דעם נביא׳ס חלום

ניטאָ דאָרט קיין מצה, ניטאָ דאָרט קיין וויין,
אַלץ שווערער דער סדר יאָר־אויס און יאָר־איין.

דער זיידע אַוועק, דאָס אייניקל אויך:
דעם טאַטנס ווייסער קיטל אין אַש און אין רויך.

פאַר אליהו הנביא קיין כוס און קיין וויין:
קיין קול אים צו רופן, קיין שטוב ווו אַריין.

וואַנדערט ער אום צווישן די רואינען:
ווי ער וואָלט עפּעס זוכן און ניט געפינען.

ווי ער וואָלט הערן אַ רוף, ווי ער וואָלט הערן אַ געוויין:
און ניט ווייסן ווער עס רופט אים און ווהין ער זאָל גיין.

זיין טראָט ווערט אַלץ שווערער פון מידקייט און פיין:
ביז ער שליסט זיינע אויגן ווי איינער שלאָפט איין.

צי שלאָפט דען דער נביא? ווי קען עס געשען?
ער דאַרף נאָר אַ רגע, זיין חלום דערזען.

ער דאַרף נאָר דערהערן פון וואַנען דאָס געוויין,
וואָס צאַמט אים זיין טראָט און לאָזט אים ניט גיין.

דורך אויגן פאַרמאַכטע ווערט אים אַלץ קלאָר:
ער זעט איצט זיין חלום ווי אַ ליכטיקע וואָר.

אַט זעט ער אַ וואַלד און אין וואַלד אַזאַ בוים:
מיט צווייגן מיט ברייטע ווי פאַרהאַנגען שיין.

אונטער די צווייגן אַ ציגעלע ליגט:
און איבערן ציגעלע אַ וויגל זיך וויגט.

אין וויג ליגט אַ קינד אין רו און באַוואַכט:
נאָר דאָס ציגעלע וויינט אין וואַלד דורך דער נאַכט.

דערזעט עס דעם נביא געגענען פון טאָל:
לויפט עס צו אים מיט פרייד אין איר קול.

זיין טראַט ווערט לייכטער מיט יעדן שפּאַן וואָס ער נעמט:
ס'איז דאָך זיין ציגעלע פון חד גדיא — ער האָט עס דערקענט.

דאָס ציגעלע שפּרינגט, דעם נביא פאַר די פיס:
און פירט אים צום וואַלד ווי צו אַ פּסחדיקן טיש.

און פירט אים צום קינד, ער זאָל וואַכן ביים וויג:
ווייל דאָס ציגעלע וויל שלאָפן, דאָס ציגעלע איז מיד.

דער נביא ביים וויג זינגט פון בטחון זיין ליד:
און עס זינגען די ביימער און גרעזעלעך מיט.

פאַר אונדזער אַלעמענס ליידן און פאַר אונדזער גרויסן פּיין:
און אין זכות פון דעם קינד, וועט אַ סדר נאָך זיין.

1947

## סדר - ליד

ווי זאָל איך, מיין קינד, ווי זאָל איך דיך פירן
צו דעם סדר־חלום מיט די כישוף־טירן.
צו די פרומע ייִדעס אויף הויכע היסב־בעטן,
צו די אַלטע באָבעס מיט גוטע הענט, וואָס גלעטן
די ליבע קעפּ פון קינדער און שעפּטשען ברכות פרום,
און טיילן ניס אויף פסח קינדער אומעטום;

צום נביא אליהו וואָס שטייט הינטער די טירן,
און וואַרט מען זאָל אים עפענען און וואַרט מען זאָל
אים פירן,
צו די שיין געדעקטע טישן, צו אַלע גוטע קינדער,
וואָס ער לעבט אין זייער זכרון, און פילט זיי אָן
מיט וואונדער.

צום ציגעלע צום ווייסן, צום טאַטנס שיינער קניה,
דאָס ווייסע ציגעלע פאַר צוויי גילדן אַזאַ ליכטיקע מציאה;
פאַר קינדערלעך צו גאַפן און קינדער צו פאַרוויגן,
זייער שלאָף באַוואַכן, אונטערן בעטל ליגן.

ווי זאָל איך דיך נעמען, ווי זאָל איך דיך פירן
צו יענעם שיינעם סדר מיט די כישוף־טירן;
אַז פאַרשעמט איז אונזער טיש, די מצה און די כוסות,
דער נס איז אויסגערונען, פון דער הגדה און די אותיות.

הפקר אונדזער היים, אָן פענצטער און אָן טירן;
פאַרשעמט דער גוטער נביא, אָן אַ האַנט אים וואו צו פירן;
דער קונה פון ווייסן ציגעלע, אין שלאַכטן אויף די
פעלדער,
דאָס ציגעלע צעשראָקן אין ברענענדיקע וועלדער.

רופט צום הקדוש ברוך הוא: מע־ע! דו האָסט
פאַרשפּעטיקט,
ס׳האָט דער בלוטדורשטיקער שוחט זיינע דאָרשטן
אָנגעזעטיקט
מיט זקנים און מיט קינדערס אומשולדיקן לעבן,
איידער דו האָסט אים אין האַנט צום מלאך־המות
איבערגעגעבן...

ווי זאָל איך, מיין קינד, ווי זאָל איך דיך פירן
צו דעם סדר־חלום מיט די כישוף־טירן?...

## חד גדיא, חד גדיא

אַ ציגעלע, אַ ציגעלע,
דער טאַטע האָט געבראַכט;
פאַר מזומנע צוויי גילדן,
אַ ציגעלע אַ פּראַכט.

אַ ציגעלע, אַ ציגעלע,
אַ ווייסינקע אַ פּראַכט;
צו פרייען זיך ביים סדר,
ביים סדר אויף דער נאַכט.

איז ווער האָט עס די מעשה
די מעשה גאָר פאַרטראַכט?
צו שרעקן אונדזער ציגעלע
ביי דער סדר-נאַכט.

און ווער האָט עס אין אַ שטוב
אַזאַ קאַץ אַ ווילדע,
וואָס זאָל ווען גאָר פאַרצוקן
ס'ציגעלע פאַר צוויי גילדן?

דאָס ציגעלע, דאָס ציגעלע,
וואָס טאַטע האָט געבראַכט;
אַ ציגעלע אַ ווייסינקע,
אַ ציגעלע אַ פּראַכט.

## שבועות - ליד

אַמאָל איז געווען, אַמאָל איז געווען,
אַמאָל, גאָר אַמאָל, דאַן און דאַן;
און איצט וואָס איז דאָ? און איצט וואָס איז דאָ?
איצט איז ביי אונז נאָך אַ זיידע פאַראַן.
וואָס קוקט אין די ספרים פון אַמאָל, גאָר אַמאָל,
און זעט דאָרטן מעשיות פון וווּנדער אָן צאָל:
און דערציילט אונדז די מעשיות, אַמאָל נאָר אַמאָל.

פון שבועות דערציילט ער מיט וווּנדער און מורא,
ווי גאָט האָט די יידן געגעבן זיין תורה;
ווי פויגל און בוימער האָבן פון וווּנדער געשטומט,
קיין בהמה און קיין חיה האָט דאַן ניט געברומט.

פאַרגליווערט געוואָרן זיינען וואַסערן אין ימען,
די וועלט אַ פאַרגאַפטע איז אין שטילקייט געשטאַנען;
נאָר פון באַרג סני געהילכט האָט גאָטס הייליקער קול,
דאָס אַלץ איז געווען, אַמאָל, גאָר אַמאָל.



## שבת

די שיינע אַלטע לייכטער,
די ווייס געבענטשטע ליכט;
אין שבתדיקן קלייד
מיטן יומטובדיקן געזיכט,
קוקט זיך אום די מאַמע
צו די קינדערלעך אַרום,
גיט זיי אָפּ גוט-שבת
מיט ווערטער גוט און פרום.
און דער גוטער שבת —
שפּרייט זיך אומעטום,

פון דער מאַמעס פּנים,
פון די געבענטשטע ליכט
צו דער שטוב מיט קינדער —
אויף יעדערנס געזיכט.
אין שטוב אין אַלע ווינקלעך,
פון ווייס געדעקטן טיש,
פון די שיינע חלות —
און שמעקעדיקע פיש.
פון טאַטנס לכה דודי
פון דעם שיינעם קידוש,
יעדע וואָך קומט דער שבת
מיט דער זעלבער פּאַרכט,
און זעלבן חידוש.

## ווי אַ קינד

כ׳בין אַ מאַמע פון קינדער שוין גרויסע,
און בין נאָך אַליין ווי אַ קינד:
כסדר איך בוי זיך נאָר טורעמס,
כסדר צעבלאָזט זיי דער ווינט.

כ׳דערפריי זיך מיט יעדן פרימאָרגן,
ווער אומעטיק יעדן פאַרנאַכט:
און שפּיל זיך אַרום מיט מיין מזל,
ווי אַ קינד מיט די אויגן פאַרמאַכט.

כ׳האָב מורא ביינאַכט אין דער פינצטער,
און בענק נאָר נאָך אַלץ וואָס איז גרויס:
כ׳האָב אַזוי מורא פאַר אומגליק,
און כסדר נאָר זוכט עס מיך אויס.

כ׳בין אַ מאַמע פון קינדער שוין גרויסע
און בין נאָך אַליין ווי אַ קינד:
כסדר איך בוי זיך נאָר טורעמס,
כסדר צעבלאָזט זיי דער ווינט.

# אַ מעשהלע

איך פלעג אַ מעשהלע דיר דערציילן
פון קליינע שיפעלעך און אַ גרויסע בריק:
ווי קליינע שיפעלעך זיינען געשוואומען
צו אַ וויַיטן לאַנד פון גליק.

ווי קליינע שיפעלעך זיינען געשוואומען
פון דעם וויַיטן לאַנד צוריק:
דיינע אייגעלעך פול מיט וואונדער,
האָבן אָנגעפילט מיין האַרץ מיט גליק.

איך פלעג אַ מעשהלע דיר דערציילן,
פון קליינע שיפעלעך און אַ גרויסע בריק,
איז איין שיפעלע אַוועקגעשוואומען,
און פאַרנומען מיין גאַנצן גליק.

דאָס קליינע שיפעלע האָט מיט זיך פאַרטראָגן
דיך מיין יינגעלע, — מיין איינציק גליק:
איך זוך און בלאָנדזשע איבער אַלע וועגן,
און דאָס שיפעלע קומט ניט צוריק.

## פיר מיך

קום צוריק אין מיינע חלומות,
ברענג צוריק דיין קינדערשע פרייד:
עס פאַרגייען אין מיר די קלאַנגען
פון דיינע קינדערשע רייד.

קום צוריק אין מיין חלום צו מיר,
דורך בלויקייט פון נאַכט און די שטערן;
אין ווייסן העמד ווי איך האָב דיך פאַרוויגט,
קום צו מיר דורך טרערן.

נעם מיך אָן ביי דער האַנט,
פיר מיך דורך נאַכטיקן בריק;
צו דיין לאַנד פון גאָלדענעם שפּיל,
מיין קינד, ווי מיט יאָרן צוריק,
מיט לאַנגע יאָרן צוריק.

## מיין בערגעלע

די לופט דאָ אַזוי גוט און שטיל,
און ווייך דאָס גראָז צום ליגן,
און ביי מיין זייט אַ בערגעלע —
איך קום ביינאַכט אים וויגן.

דאָ שטייען בערגעלעך אַסך,
בערגעלעך איינזאַמע:
נאָר ביי מיין זייט דאָס בערגעלע,
דעם בין איך אַ מאַמע.

דורך לבנהדיקע נעכט,
בין איך דאָ געזעסן,
לבנה-סודות אויסגעהערט,
און האָב זיך שיער פאַרגעסן.

אַז ניט די לבנה היט איך דאָ,
ניט די בערגעלעך איינזאַמע:
נאָר דאָס קליינע בערגעלע
וואָס אים בין איך אַ מאַמע.

## רעגן רעגן איבער מיר

רעגן רעגן איבער מיר,
ניט הער אויף צו גיין:
עס זאָל מיין קינד דאָ ביי מיין זייט
ניט הערן מיין געוויין.

ער שלאָפט דאָ רואיק, אין דער שטיל,
פון קיינעם ניט געשטערט —
איך האָב זיך ווי אַ קינד, צעוויינט,
איבער זיין גרינעם בעט.

רין אַראָפּ מיט מיינע טרערן,
אויף זיין גרינעם בעט:
איך האָב זיך, ווי אַ קינד, צעוויינט,
ווי אַ קינד פאַרעדט.

## קעסטעלע

עס האָט מאַמע אַ קעסטעלע אַ קליינס, פאַרמאַכט,
מיט שפּילכלעך צום קינד צו איר קראַנקן געבראַכט.

האָבן פינגערלעך קליינע, דאָס קעסטעלע אויפגעמאַכט,
האָט קינדעלע געפרייט זיך, געשפּילט זיך, געלאַכט.

האָט קינדעלע געשפּילט דורכן טאָג זיך מיט פרייד,
פאַרגעסן אָן ווייטיק, פאַרגעסן אָן לייד.

ס'האָט געשפּילט זיך די קראַנקע מיט פרייד, ביז ביינאַכט,
און אין שפּיל האָט די פרייד אירע אויגן פאַרמאַכט.

מען האָט פרייד אין אַ קעסטעלע אין אַ קליינעם פאַרמאַכט,
האָט מאַמע געוויינט אַ טאָג מיט אַ נאַכט.

האָט מאַמע געוויינט סיי טאָג און סיי נאַכט,
און פרייד איז געלעגן אין אַ קעסטעלע פאַרמאַכט.

# דער זומער איז אין ים אַריין

ביי דעם גרויסן ים ביים ברעג,
געווען איז זומער אַלע טעג,
געשפּילט האָט דאָרטן זיך אַ קינד,
ביי דעם וואַסער מיטן ווינט.

און דער ים טיף און ברייט,
האָט זיינע הענט צום קינד געשפּרייט,
גערופן: קליין קינד, קום צו מיר!
לאָז אַנוואַרעמען מיין האַרץ מיט דיר.
האָט נישט געהערט דעם ים דאָס קינד,
נאָר געשפּילט זיך מיטן ווינט.

דאָס קינד איז אַ קליין קינד געווען,
אין אַ זומער־טאָג איז עס געשען,
ווען דער ים טיף און ברייט,
האָט זיינע הענט צום קינד געשפּרייט.

גערופן: שיין קינד, קום צו מיר,
לאָז אַ קוש מיר געבן דיר —
צו מיר אין אייביקן זומער־לאַנד,
צו מיר אין אייביקן וואַסער־לאַנד.

דאָס קינד איז אַ קליין קינד געווען,
האָט דאָס ליכט פון ים דערזען,
און אויסגעשטרעקט זיין קליינע האַנט,
צום ים, צום אייביקן וואַסער־לאַנד.

— — — — — — — — — — — — —

איצט רופט נישט מער דער ים צום קינד,
ביים ברעג פון ים בלאָזט קאַלט דער ווינט,
דער זומער איז אין ים אַריין,
דאָרט וועט אייביק זומער זיין,
זומער דאָרטן אַלע טעג,
און קאַלטער ווינטער אויפן ברעג,
קאַלטער ווינטער אַלע טעג.

## שמאָלע וועגן

ווו זאָל איך אַוועק
אַזוי איינע אַליין,
אַז מיין מזל איז שווער,
און מיין קינד אַזוי קליין.

און שמאָל אַלע וועגן,
און פון קינד דאָס געוויין,
ווו זאָל איך אַוועק,
אַזוי איינע אַליין?

איך וועל פאַרשלעפן מיין קינד,
און ביים זייט פון זיין בעט,
וועל איך קניען פאַר אים
אין נאָכט אַריין שפעט.

און וועל אַוועק אין דער שטיל,
אַזוי איינע אַליין —
און בעטן ביי גאָט,
פאַר מיין קינד אַזוי קליין.

## אַ מאַמע זיין

און וואָס הייסט אַ מאַמע זיין
פון קינדערלעך, ברעקעלעך?
אָנטאָן זיי און אויסטאָן זיי,
קליידעלעך און זעקעלעך.

און וואַכן נאָר און ציטערן
פאַר נישט זיכערע טריט,
און אַלע מאָל בעטן נאָר:
באַשיץ און באַהיט.

## וואַקסן קינדער

וויינען קינדער דורך די נעכט
און שלאָפן אין פרימאָרגן:
וואַכן מאַמעס לאַנגע נעכט,
שלאָפן ניט און זאָרגן.

וואַקסן קינדער אויף דער וועלט,
וואַקסן אויף אָן זאָרגן:
ווערן מאַמעס קראַנק און אַלט,
בויגן זיך און זאָרגן.

## איך וויל אָנשרייבן אַ ליד

איך וויל אָנשרייבן אַ ליד
וואָס זאָל אָפּשפּיגלען מיין אומעט,
ווי עס שפּיגלט דער פאַרנאַכט
דעם אומעט אויף די ביימער.

מיין האַרץ טראָגט פולע לאָגלען
מיט בענקשאַפט צו די רוימען,
טראָגט פולע שווערע קוישן
מיט טרערן און מיט טרוימען.

# דאַנק גאָט

דאַנק גאָט פאַרן אמת אויף קינדערשע ליפּן,
פאַרן שמייכל אויף פּנים דורך גנאָד פון די יאָרן:
דאָס ליכט אין דער פינצטער, ווי זון־שפּריי דורך זיפּן,
איז אין ריינקייט פון טרערן געלייטערט געוואָרן.

דאַנק גאָט פאַר די גייער אין נידער פון טאָלן,
מיט גלויבן אין האַרצן דורך סכנה און שטורעם;
זיי וועגן זייער גורל ווי מתנות אויף שאָלן,
און בויען אין האָפענונג זייער ליכטיקן טורעם.

דאַנק גאָט פאַר דער האַנט וואָס זייט מיט געוויסן,
וואָס דו פאַרזייסט דאָס זאָלסטו שניידן;
די ערלעכע ערד צאָלט ביסן פאַר ביסן,
דאָס גוטס ווי דאָס שלעכטס זאָל דיך ניט פאַרמיידן.

# אינהאַלט:

## V

## דאָס קינד מיט זיך



## VI

## דער באָבעס פרייד



## VII

## וויג - לידער

VIII

## יום - טוב לידער



IX

## אומעטיקע לידער